

די גאנצע מגילה
איבערגעזעצט פון
נפתלי גראס
ארויסגעגעבן
פון א קאמיטעט
פון שרייבער און קולטור־טוער
ניו־יארק, 1936

די איבערזעצונג פון
די פינף מגילות
ווידמע איך
דעם געדעכעניש
פון מיין טייערן פריינט
מיין ווייב
לילי
1934—1909

# אַ וואָרט פון די אַרויסגעבער

מיט דריי יאָר צוריק האָט פ. געליבטער, דער בילדונג־דירעקטאָר פון אַרבעטער רינג, געגרינדעט אַ קאָמיטעט אַרויסצוגעבן די פינף מגילות אין דער יידישער איבערזעצונג פון דעם דיכטער נפתלי גראָס. צו דעם קאָמיטעט האָט פ. געליבטער צוגעצויגן חשובע שרייבער און קולטור־טוער, מיט ש. ניגער פאַר פאָרזיצער, און דר. ל. פאָגעלמאַן פאַר קאַסירער. די גאַנצע טעכנישע אַרבעט אָבער, אַף צו שאַפן די מעגלעכקייט אַרויסצוגעבן דאָס בוך, האָט גענומען אַף זיך געליבטער אַליין.

צוליב פאַרשיידענע טעמים, האָט זיך די אַרבעט פאַרצויגן. און גראָד דעמאָלט, ווען דאָס בוך האָט שוין געהאַלטן ביים אַרויסגיין, און געליבטער וואָלט געקענט האָבן נחת פון זיין אַרבעט, האָט דער טויט אים אַוועקגענומען פון אונז.

אַף מיין גורל פאַלט איצט אויס צו פאַרענדיקן די אַרבעט, אַרויסצוגעבן די פינף מגילות. איך נעם אַף זיך מיט פרייד די פליכט צו פאַרענדיקן דאָס בוך צוליב צוויי טעמים: ערשטנס, ווייל איך בין דער ממלא־מקום פון מיין פריינט פ. געליבטער, צווייטנס, ווייל די מאָטיוון, וואָס האָבן באַוואויגן געליבטערן צו גרינדן דעם קאָמיטעט פון אונזערע חשובסטע שרייבער און קולטור־טוער, זענען מיר אויך צום האַרצן.

נפתלי גראָס, איינער פון די אַנגעזעענסטע פאָרשטייער פון דער מאָדערנער יידישער פאָעזיע, האָט אַף זיין יידישער ווערסיע פון די פינף מגילות געאַרבעט אַסך יאָרן. דער רעזולטאַט איז — אַ וויכטיקע ביישטייערונג צו אונזער איבערזעצונג־ליטעראַטור פון תנ״ך.

די איבערזעצונג פון נפתלי גראָס וועט געבן אַ מעגלעכקייט אונזערע לייענער, בפרט די עלטערע קינדער פון אונזערע יידיש־וועלטלעכע שולן, צו באַקענען זיך מיט אַ טייל פון יענע יידישע אוצרות, וואָס זענען דער פונדאַמענט פון דער יידישער קולטור.

איך וויל דאָ אויסדריקן אַ דאַנק יעדן איינעם פון קאָמיטעט, וואָס האָט אַף אַזאַ, אָדער אַנדער אופן געהאָלפן אין דער אַרבעט אַרויסצוגעבן דאָס בוך.

פאַר דעם קאָמיטעט,

נ. כאַנין,

בילדונג־דירעקטאָר פון אַרבעטער רינג.

נויאָרק, פרילינג, 1936.

# פון דעם איבערזעצער

די איבערזעצונג פון ד י פ י נ ף מ ג י ל ו ת האָב איך אָנגעהויבן אין יאָר 1918. אַ טיפע ליבשאַפט פון מיינע פריסטע יאָרן אָן צו דידאַזיקע ספרים, בפרט צו ש י ר ה ש י ר י ם, האָט מיך געבראַנגט צו דעם, איך זאָל מיך נעמען צו דערדאָזיקער אַרבעט.

ביים איבערגיסן די פערזן און פסוקים פון איין כלי אין דער אַנדערער — האָב איך מיך געפלייסט איבערצוגעבן אין יידיש דאָס געזאַנג און דעם באַזונדערן נוסח פון יעדער מגילה. נישט קיין פרעמדס ביי פרעמדע האָב איך גענומען, נייערט אייגנס, און איך האָב דאָס איבערגעגאָסן פון איין איי־גענער כלי אין אַן אַנדער אייגענער כלי. איך האָב מיר פירגענומען צו מאַכן אַ גרינטלעכע און געטרייע איבערזעצונג לויט דער מסורה, נישט צו מינערן און נישט צו מערן, און איבערצוגעבן אין יידיש דעם אויסנווייניקסטן און אינעווייניקסטן ריטם פון יעדן פערז און פון יעדן פסוק ווי אין אָריגינאַל.

אין מיין אַרבעט האָב איך מיך סומך געווען אַף אונזערע אָנגענומענע מפרשים. אויך דאָס גוטע, וואָס איך האָב געקאָנט אָפּלערנען פון מאָדערנע ביבלפאָרשער, האָב איך נישט פאַרוואָרפן. איך האָב מיך אויך גערעכנט מיט די אַלערליי אַלטע און נייע איבערזעצונגען און אויסטייטשונגען פון די מגילות, וואָס זענען פאַראַן אין יידיש.

אין משך פון די יאָרן האָב איך געמאַכט אַכט און צען ווערסיעס פון יעדער מגילה. פון מיינע אָ נ מ ע ר ק ו נ ג ע ן א ו ן ד ע ר ק ל ע ר ו נ ־ ג ע ן אַף די מגילות — גיב איך דאָ נאָר די אָ נ מ ע ר ק ו נ ג ע ן א ו ן ד ע ר ק ל ע ר ו נ ג ע ן אַף דעם ספר א י כ ה. זיי זענען כולל אָנגע־נומענע מיינונגען פון אונזערע אַלטע און נייע מפרשים און ביבלפאָרשער. די אָנמערקונגען קומען אָפּן סוף פון דעם בוך ווי אַן אַרבעט פאַר זיך, און זיי וועלן געבן דעם לייענער אַ מעגלעכקייט צו באַקענען זיך גרינטלעכער מיט דעם ספר. איך מאַך נישט קיין שום צייכנס ביי פסוקים און ווערטער, וואָס אַף זיי קומען אָנמערקונגען, אָדער דערקלערונגען, כדי נישט צו שטערן דורך זיי דעם לייענער.

איך וויל אויסדריקן אַ האַרציקן דאַנק מיינע פריינט און קאָלעגן ראובן אייזלאַנד און דר. ל. שוואַרצבורג פאַר העלפן מיר איבערקוקן דעם כתב־יד און פאַר זייערע באַמערקונגען; די קאָלעגן און פריינט ש. ראָזענפעלד, גרשם באָדער, מ. איוועונסקי און חיים ליבערמאַן — פאַר ניצליכע אָנווייזונגען; דר. ל. קאָפּעלאָוויצן און א. ראַפּאַלאָווסקין — פאַר די ספרים, וואָס איך האָב באַקו־מען פון זיי, בעת דער אַרבעט; און די ח׳ קאָלעגן פון דעם י. ל. פּרץ שרייבער פאַריין — פאַר דורכפירן אַן אָוונט לטובת דעם בוך.

איך דאַנק האַרציק דעם בילדונג־דירעקטאָר פון אַרבעטער רינג, נ. כאַנין, וואָס האָט גענומען אויף זיך די עובדה צו פאַרענדיקן די אַרבעט, וואָס דער פרי־ערדיקער בילדונג־דירעקטאָר, פ. געליבטער, ע״ה, האָט אָנגעהויבן. איך דאַנק אַלע קאָלעגן פון דעם קאָמיטעט, מיט דעם ליטעראַטור־קריטיקער, חבר ש. ניגער בראש, און אַלע פריינט, וואָס זענען געווען באַהילפיק אין דער אַרבעט פון אַרויסגעבן דאָס בוך.

פאַר דעם שערבלאַט און אַלע קעפּלעך צו די מגילות — דאַנק איך מיין ברודער, דעם סקולפּטאָר, חיים גראָס; פאַר דעם רעמל פון דעם שערבלאַט צו די איכה־אָנמערקונגען — דעם חשובן פאַרשער נחמיה שמואל ליבאָוויץ. דאָס רעמל איז גענומען געוואָרן פון אַן אַלט ספר. אַ האַרציקן דאַנק מיין ליבן קאָלעגע ל. מילער פאַר זיין חברישער באַציאונג, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן צו דער דאָזיקער אַרבעט פון אָנהייב אָן.

איך דאַנק דעם דרוקער, אברהם ד. שאולזאָן, וואָס איז מיר געווען באַהיל־פיק ביים לייענען די קאָרעקטור און וואָס האָט אַריינגעלייגט אַסך אַרבעט, דאָס בוך זאָל אַרויסקומען טעכניש שיין. פאַר דער טעכנישער זאַץ־אַרבעט — מיין דאַנק דעם זעצער ש. קאָרעצקי.

**נפתלי גראָס**

נויאָרק, 1936.

# שיר השירים

## א

א דאָס געזאַנג פון געזאַנגען, פון שלמהן.

---

ב לאָז ער מיך קושן מיט די קושן פון זיין מויל,
וואָרן דיין ליבשאַפט איז בעסער פון וויין.

ג צו שמעקן זענען גוט דיינע איילן;
דיין נאָמען — איז איבערגעגאָסענער אייל,
דערפאַר האָבן יונגפרויען דיך ליב.

ד ציִ מיך;
— מיר וועלן נאָכלויפן נאָך דיר.
דער מלך האָט מיך געבראַכט אין זיינע קאַמערן;
— מיר וועלן זיין לוסטיק און פרייען זיך מיט דיר,
מיר וועלן לויבן דיין ליבשאַפט מער פון דעם וויין; —
רעכטפאַרטיק האָבן זיי דיך ליב.

ה שוואַרץ בין איך, און — שיין,
טעכטער פון ירושלים!
ווי די געצעלטן פון קדר,
ווי די פאָרהאַנגען פון שלמהן.

ו קוקט נישט אַף מיר, וואָס איך בין טונקל,
וואָרן די זון האָט מיך אָפּגעברענט.

## שיר השירים

די זין פון מיין מוטער האָבן געצערנט אַף מיר,
זיי האָבן מיך געמאַכט פאַר אַ היטערן
פון די וויינגערטנער;
מיין אייגענעם וויינגאָרטן — האָב איך נישט אָפּגעהיט.

ז זאָג מיר, דו, וואָס מיין זעל האָט ליב,
וואו פיטערסטו ?
וואו מאַכסטו הויערן אינמיטן טאָג ?
וואָרן פאַרוואָס זאָל איך זיין ווי אַ פאַרהילטע
ביי די הערטן פון דיינע חברים ?

ח אויב דו ווייסט עס נישט, דו שענסטע צווישן פרויען,
דו גיי אַרויס אין די טריט פון די שאָף,
און פיטער דיינע ציקעלעך ביי די
געצעלטן פון די פאַסטעכער.

ט צו אַ פערד אין פרעהס רייטוועגן,
האָב איך דיך פאַרגלייכט, פריינדין מיינע.

י ליבלעך זענען דיינע קינבאַקן אין די קייטלעך,
דיין האַלז — אין די שנורן.

יא גילדערנע קייטלעך וועלן מיר דיר מאַכן,
מיט פונקטן פון זילבער.

---

יב בעת דער מלך איז געווען אַף זיין אָנלען,
האָט מיין נאַרד אַרויסגעגעבן זיין ריח.

יג אַ בינטל מירע איז מיר מיין געליבטער,
צווישן מיינע בריסט וועט ער רוען.

# שיר השירים

יד אַ הענגל ציפּערבלומען איז מיר מיין געליבטער
אין די וויינגערטנער פון עין־גדי.

---

טו פאַרוואָר, דו ביסט שיין, פריינדין מיינע,
פאַרוואָר, דו ביסט שיין;
דיינע אויגן זענען טויבן.

---

טז פאַרוואָר, דו ביסט שיין, געליבטער מיינער,
און ליבלעך!
און אונזער געלעגער איז צווייגהאַפט.

יז די באַלקנס פון אונזערע הייזער זענען צעדערן,
אונזערע ברעטער זענען ציפּרעסן.

---

# ב

א איך בין אַ רויז פון דעם שרון,
אַ ליליע פון די טאָלן.

---

ב ווי אַ ליליע צווישן די דערנער,
אַזוי איז מיין פריינדין צווישן די טעכטער.

---

ג ווי אַן עפּלבוים צווישן דיביימער פון וואַלד,
אַזוי איז מיין געליבטער צווישן די זין.
אין זיין שאָטן האָב איך געגלוסט—און איך בין געזעסן,
און זיין פרוכט איז געווען זיס פאַר מיין גומען.

ד ער האָט מיך געבראַכט אין וויינהויז אַריין,
און זיין פאָן איבער מיר איז ליבשאַפט.

# שיר השירים

ה לאַבט מיך מיט טרויבנקוכנס,
לענט מיך אונטער מיט עפּל;
וואָרן קראַנק בין איך פון ליבע.

---

ו זיין לינקע האַנט אונטער מיין קאָפּ,
און זיין רעכטע האַנט לאָז מיך האַלדזן.

ז איך באַשווער אייך, טעכטער פון ירושלים,
ביי די גאַזעלן, אָדער ביי די הינדן פון דעם פעלד,
אויב איר וועט אופרירן, און אויב
איר וועט אופוועקן די ליבע,
ביז זי וועט עס באַגערן.

---

ח האָרך! מיין געליבטער! זע, דאָ קומט ער,
ער שפּרינגט איבער די בערג,
היפּט איבער די היגלען.

ט מיין געליבטער איז גלייך צו אַ הירש,
אָדער צו אַ יונגן הירש;
זע, דאָ שטייט ער הינטער אונזער וואַנט,
ער קוקט אַריין דורך די פענסטער,
ער לוגט אויס דורך די גראַטעס.

י האָט געענטפערט מיין געליבטער און
ער האָט געזאָגט צו מיר:
שטיי אוף, דו, מיין פריינדין, מיין שיינע, און קום דאָך.

יא וואָרן זע, דער ווינטער איז אַריבער,
דער רעגן — פאַרמיטן, פאַרגאַנגען.

# שיר השירים

יב די בלומען באַווייזן זיך אַף דריערד ;
די צייט פון געזאַנג האָט גענעענט,
און דאָס קול פון דער טירטלטויב לאָזט
זיך הערן אין אונזער לאַנד.

יג דער פייגנבוים צייטיקט זיינע פייגן,
און די וויינשטאָקן בליען, גיבן אַרויס אַ ריח.
שטיי אוף, דו, מיין פריינדין, מיין שיינע, און קום דאַך.

יד טויב מיינע, אין די שפּאַלטן פון דעם פעלזן,
אין דער פאַרבאָרגעניש פון דער באַרג־טעראַסע,
לאָמיך זען דיין אָנגעזיכט,
לאָמיך הערן דיין קול,
וואָרן דיין קול איז זיס, און דיין אָנגעזיכט איז ליבלעך.

---

טו כאַפּט אונז די פוקסן, די פוקסן, די קליינע,
וואָס פאַרדאַרבן די וויינגערטנער,
וואָרן אונזערע וויינגערטנער זענען אין בליאונג.

---

טז מיין געליבטער איז מיינער, און איך — געהער אים,
וואָס פּיטערט צווישן די ליליעס.

יז ביז דער טאָג וועט פאַרווייען,
און די שאָטנס — אַנטרינען,
קער דיך אום, און זיי דו גלייך, מיין געליבטער,
צו אַ הירש, אָדער צו אַ יונגן הירש
אַף די צעשפּאָלטענע בערג.

---

# שיר השירים

## ג

א אַף מײַן געלעגער אין די נעכט
האָב איך געזוכט דעם, וואָס מײַן זעל האָט ליב;
איך האָב אים געזוכט, און איך האָב אים נישט געפונען.

ב איך וועל איצט אופשטיין און וועל אַרומגיין אין שטאָט,
אין די מאַרקן און אין די גאַסן,
איך וועל זוכן דעם, וואָס מײַן זעל האָט ליב.
איך האָב אים געזוכט, און איך האָב אים נישט געפונען.

ג מיך האָבן געפונען די וועכטער,
וואָס גייען אַרום אין דער שטאָט:
האָט איר געזען דעם, וואָס מײַן זעל האָט ליב?

ד קוים בין איך אַוועקגעגאַנגען פון זיי,
ערשט—איך האָב געפונען דעם, וואָס מײַן זעל האָט ליב:
איך האָב אים אָנגענומען, און איך האָב
אים נישט אָפּגעלאָזן,
ביז איך האָב אים געבראַכט אין דעם הויז
פון מײַן מוטער,
און אין דער קאַמער פון דער, וואָס האָט מיך געטראָגן.

ה איך באַשווער אײַך, טעכטער פון ירושלים,
ביי די גאַזעלן, אָדער ביי די הינדן פון דעם פעלד,
אויב איר וועט אופרירן,
און אויב איר וועט אופוועקן די ליבע,
ביז זי וועט עס באַגערן.

---

# שיר השירים

ו ווער איז דאָס, וואָס גייט אויף פון דער מדבר,
וױ זײלן רױך,
געריײכערט מיט מירע און ווײרעך,
מיט אַלערלײ געווירצשטויב פון דעם הענדלער?

ז זע, דאָס איז דאָס בעט פון שלמהן,
זעכציק העלדן רינגלען עס אַרום,
פון די העלדן פון ישראל.

ח זיי אַלע טוען האַלטן אַ שווערד,
זענען געלערנט אין מלחמה;
יעדער מיט זיין שווערד אַף זיינע לענדן,
פאַר דער שרעק אין די נעכט.

ט אַ טראָגבעט האָט זיך געמאַכט דער מלך שלמה,
פון די געהילצן פון לבנון.

י זיינע זײלן האָט ער געמאַכט פון זילבער,
זיין אָנלען — פון גאָלד,
זיין זיץ — פון פורפור;
אינעווייניק — פאַרצירט מיט ליבשאַפט
פון די טעכטער פון ירושלים.

יא גייט אַרויס און זעט, טעכטער פון ציון,
דעם מלך שלמה,
אין דער קרוין מיט וואָס אים האָט געקרוינט זיין
מוטער אין דעם טאָג פון זיין חתונה,
און אין דעם טאָג פון זיין האַרצפרייד.

---

# שיר השירים

## ד

א פֿאַרוואָר, דו ביסט שיין, פֿריינדין מיינע,
פֿאַרוואָר, דו ביסט שיין;
דיינע אויגן זענען טויבן הינטער דיין שלייער;
דיינע האָר זענען ווי אַ הערט פֿון ציגן,
וואָס לאָזן זיך אַראָפּ פֿון באַרג גלעד.

ב דיינע ציין זענען ווי אַ הערט פֿון ערשט־געשוירענע,
וואָס זענען אַרופֿגעקומען פֿון דעם וואַשטייך;
וואָס זיי אַלע האָבן צווילינגען,
און קיין פֿאַרוואַרפֿערן איז נישטאָ צווישן זיי.

ג ווי אַ רויטער פֿאָדים זענען דיינע ליפּן,
און דיין מויל איז ליבלעך;
ווי אַ צעשפּאָלטענער מילגרוים איז דיין שלייף
הינטער דיין שלייער.

ד ווי דער טורעם פֿון דוד איז דיין האַלדז,
געבויט מיט טעראַסן;
טויזנט שילדן הענגען אַף אים,
אַלע פֿאַנצערס פֿון די העלדן.

ה דיינע צוויי בריסט זענען ווי צוויי יונגע הירשן,
צווילינגען פֿון אַ גאַזעל,
וואָס פּיטערן זיך צווישן די ליליעס.

ו ביז דער טאָג וועט פֿאַרווייען,
און די שאָטנס — אַנטרינען,

# שיר השירים

וועל איך מיר גיין צו דעם באַרג פון מירע,
און צו דעם היגל פון ווייַרעך.

ז דו ביסט אינגאַנצן שיין, פריינדין מיינע,
און קיין פעלער איז נישטאָ אין דיר.

---

ח מיט מיר פון לבנון, כלה,
מיט מיר פון לבנון — קום;
גיי אַראָפּ פון דעם שפּיץ פון אַמנה,
פון דעם שפּיץ פון שניר און חרמון,
פון די היילן פון לייבן,
פון די בערג פון לעמפּערטן.

---

ט דו האָסט מיר פאַרקישעפּט דאָס האַרץ,
מיין שוועסטער כלה;
דו האָסט מיר פאַרקישעפּט דאָס האַרץ,
מיט איינעם פון דיינע אויגן,
מיט איין שנור פון דיינע האַלדזבענדער.

י ווי שיין איז דיין ליבשאַפט, מיין שוועסטער כלה!
וויפל בעסער איז דיין ליבשאַפט פון וויין,
און דער ריח פון דיינע זאַלבאיילן —
מער פון אַלע בשמים.

יא זיסקייט טריפן דיינע ליפן, כלה;
האָניק און מילך זענען אונטער דיין צונג;
און דער ריח פון דיינע קליידער —
איז ווי דער ריח פון לבנון.

## שיר השירים

יב אַ פאַרשלאָסענער גאָרטן איז מיין שוועסטער כלה;
אַ פאָנטאַן — אַ פאַרשלאָסענער,
אַ קוואַל — אַ פאַרזיגלטער.

יג דיינע צווייגן זענען אַ גאָרטן מילגרוימען,
מיט קעסטלעכע פירות,
ציפּערבלומען מיט נאַרדן;

יד נאַרד און זאַפרען, געווירצשטעקעלעך און צימערינג,
מיט אַלערליי ווייַרעכביימער;
מירע און אַלאָיען,
מיט אַלערליי טייערסטע בשמים.

טו אַ קוואַל פון גערטנער,
אַ ברונע פון לעבעדיק וואַסער,
און שטראָמען פון לבנון.

---

טז וואַך אויף, צפון,
און קום, דרום,
ווייַ דורך מיין גאָרטן,
לאָזן אַרויסשטראָמען זיינע בשמים!
לאָז קומען מיין געליבטער אין זיין גאָרטן,
און לאָז ער עסן זיינע טייערע פירות.

---

# ה

א איך בין געקומען אין מיין גאָרטן, מיין שוועסטער כלה;
איך האָב געקליבן מיין מירע מיט מיינע בשמים;
איך האָב געגעסן מיין סאָט מיט מיין האָניק;

# שיר השירים

איך האָב געטרונקען מיין ווייַן מיט מיין מילך.
עסט, אָ פריינט,
טרינקט און באַרוישט אייך, געליבטע.

---

ב איך שלאָף — און מיין האַרץ איז וואַך;
האָרך! מיין געליבטער קלאַפּט:
עפן מיר, מיין שוועסטער, מיין פריינדין,
מיין טויב, מיין גאַנצע;
וואָרן מיין קאָפּ איז פול טוי,
מיינע לאָקן — מיט טראָפּנס פון דער נאַכט.

ג איך האָב אויסגעטון מיין העמד, —
וויאַזוי קאָן איך עס אָנטון?
איך האָב געוואַשן מיינע פיס, —
וויאַזוי קאָן איך זיי פאַרשמירן?

ד מיין געליבטער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט
דורך דער עפענונג, —
און מיינע אינגעווייד האָבן געברומט נאָך אים.

ה איך בין אופגעשטאַנען צו עפענען מיין געליבטן;
און מיינע הענט האָבן געטריפט — מירע,
און מיינע פינגער — פליסיקע מירע
אַף די הענטלעך פון דעם ריגל.

ו איך האָב געעפנט פאַר מיין געליבטן, —
און מיין געליבטער האָט זיך אָפּגעקערט, איז אַוועק.
מיין זעל איז אויסגעגאַנגען, ווען ער האָט גערעדט. —
איך האָב אים געזוכט,—און איך האָב אים נישט געפונען;

## שיר השירים

איך האָב אים גערופן, — און ער האָט
מיר נישט געענטפערט.

ז מיך האָבן געפונען די וועכטער, וואָס
גייען אַרום אין שטאָט,
זיי האָבן מיך געשלאָגן, זיי האָבן מיך פאַרוואונדט;
זיי האָבן אַוועקגענומען מיין איינהיל פון מיר —
די וועכטער פון די מויערן.

ח איך באַשווער אייך, טעכטער פון ירושלים,
אַז איר וועט געפינען מיין געליבטן —
וואָס וועט איר אים זאָגן ? —
אַז קראַנק בין איך פון ליבע.

ט וואָס איז דיין געליבטער מער פון אַן אַנדער געליבטן,
דו שענסטע צווישן פרויען ?
וואָס איז דיין געליבטער מער פון אַן אַנדער געליבטן,
וואָס דו האָסט אונז אַזוי באַשוואוירן ?

י מיין געליבטער איז לויטער און רויט,
אַ באַפּאָנטער פון צענטויזנט.

יא זיין קאָפּ איז דאָס פיינסטע גינגאָלד,
זיינע לאָקן זענען געקרייזלט,
זענען שוואַרץ ווי דער ראָב.

יב זיינע אויגן זענען ווי טויבן
ביי די בעכן וואַסער;
זענען געוואַשן אין מילך,
אַריינגעזעצט אין אַ פּאַסונג.

יג זיינע קינבאַקן זענען ווי אַ בייט בשמים,
טערעמער פון געווירצן;
זיינע ליפן זענען ליליעס,
זיי טריפן פליסיקע מירע.

יד זיינע הענט זענען וואַלצן פון גאָלד,
געפּאַסט אין תּרשיש ;
זיין לייב איז געטאָקטער עלפאַנטביין,
באַדעקט מיט סאַפירן.

טו זיינע שענקלען זענען זיילן פון מאַרמאָר,
באַפעסטיקט אַף געשטעלן פון גינגאָלד;
זיין אויסזען איז ווי דער לבנון,
אויסדערוויילט ווי די צעדערן.

טז זיין גומען איז זיסקייטן;
און ער אינגאַנצן — גלוסטיקייטן.
דאָס איז מיין געליבטער, און דאָס איז מיין פריינט,
טעכטער פון ירושלים.

---

# ו

א וואוהין איז געגאַנגען דיין געליבטער,
דו שענסטע צווישן פרויען ?
וואוהין האָט זיך געקערט דיין געליבטער, —
און מיר וועלן אים זוכן מיט דיר ?

ב מיין געליבטער האָט אַראָפּגענידערט אין זיין גאָרטן,
צו די בייטן פון בשמים,

# שיר השירים

צו פיטערן אין די גערטנער,
און צו קלייבן ליליעס.

ג איך בין מיין געליבטנס, און מיין געליבטער איז מיינער,
ער, וואָס פיטערט צווישן די ליליעס.

---

ד שיין ביסטו, פריינדין מיינע, ווי תּרצה,
ליבלעך ווי ירושלים,
שרעקלעך ווי באַפּאַנטע.

ה ווענד אָפּ דיינע אויגן פון מיר,
וואָרן זיי האָבן מיך באַוועלטיקט.
דיינע האָר זענען ווי אַ הערט פון ציגן,
וואָס לאָזן זיך אַראָפּ פון דעם גלעד.

ו דיינע ציין זענען ווי אַ הערט פון שאָף,
וואָס זענען אַרופגעקומען פון דעם וואַשטייך;
וואָס זיי אַלע האָבן צווילינגען,
און קיין פאַרוואַרפערן איז נישטאָ צווישן זיי.

ז ווי אַ צעשפּאָלטענער מילגרוים איז דיין שלייף
הינטער דיין שלייער.

ח זעכציק זענען זיי, די קיניגנס,
און אַכציק קעפּסווייבער,
און יונגפרויען — אָן צאָל.

ט איינע איז זי, מיין טויב, מיין גאַנצע,
איינע איז זי ביי איר מוטער,
זי איז די אויסדערוויילטע ביי איר געווינערן.

טעכטער האָבן זי געזען, און זיי האָבן זי געריַמט,
קיניגנס און קעפּסווייבער — און זיי האָבן זי געלויבט.

---

י ווער איז די, וואָס קוקט אַראָפּ ווי דער מאָרגנשטערן ?
שיין ווי די לבנה,
לויטער ווי די זון,
שרעקלעך ווי באַפאָנטע ?

---

יא איך האָב אַראָפּגענידערט צו דעם נוסגאָרטן,
צו זען דאָס גרינס פון דעם טאָל,
צו זען, צי האָט געשפּראָצט דער וויינשטאָק,
צי האָבן געבליט די מילגרוימען.

יב איידער איך האָב געוואוסט —
האָט מיין זעל מיך געבראַכט
אַף די רייטוועגן פון מיין איידל פאָלק.

---

# ז

א קער דיך אום, קער דיך אום, אָ שולמית;
קער דיך אום, קער דיך אום, און לאָמיר דיך זען.

---

וואָס טוט איר זען אין דער שולמית
ביי דעם טאַנץ פון די מחנות ?

---

ב ווי שיין זענען דיינע טריט אין די סאַנדאַלן,
דו פירשטלעכע טאָכטער !

# שיר השירים

די רונדן פון דיינע לענדן זענען ווי רינגען —
דאָס ווערק פון די הענט פון אַ קינסטלער.

ג דיין נאָפּל איז אַ קיילעכדיקער בעקן,
וואו סע פעלט נישט קיין געמישטער געטראַנק;
דיין בויך איז אַ הויפן ווייץ,
אַרומגערינגלט מיט ליליעס.

ד דיינע צוויי בריסט זענען ווי צוויי יונגע הירשן,
צווילינגען פון גאַזעל.

ה דיין האַלז איז ווי דער טורעם פון עלפאַנטביין;
דיינע אויגן — טייכן אין חשבון,
ביי דעם טויער פון בת־רבים;
דיין נאָז איז ווי דער טורעם פון לבנון,
וואָס קוקט קעגן דמשק.

ו דיין קאָפּ אַף דיר איז ווי דער כרמל,
און די האָר פון דיין קאָפּ — ווי פּורפּור;
א מלך געבונדן אין לאָקן.

ז ווי שיין דו ביסט און ווי זיס דו ביסט,
דו געליבטע פון פאַרגעניגנס!

ח דאָס איז דיין וואוקס — געגליכן צו אַ טייטלבוים,
און דיינע בריסט — צו הענגלעך וויינטרויבן.

ט איך האָב געזאָגט: איך וועל אַרופקלעטערן
אַף דעם טייטלבוים,
איך וועל מיך אָנכאַפּן אָן זיינע צווייגן;

און לאָזן מיר זיין דיינע בריסט ווי הענגלעך ווייַנטרויבן,
און דער ריח פֿון דיין פּנים — ווי עפּל;

י און דיין גומען — ווי דער בעסטער וויין,
— ער גייט גלאַט אַראָפּ פֿאַר מיין געליבטן,
טוט באַוועגן די ליפּן פֿון די, וואָס שלומערן.

---

יא איך געהער מיין געליבטן,
און נאָך מיר איז זיין פֿאַרלאַנג.

יב קום, מיין געליבטער, לאָמיר אַרויסגיין אין דעם פֿעלד,
לאָמיר נעכטיקן צווישן די ציפּערבלומען.

יג לאָמיר זיך פֿעדערן אין די ווייַנגערטנער,
לאָמיר זען, צי האָט געקנעספּלט דער ווייַנשטאָק,
צי האָט ער געעפֿנט די בליאונג,
צי בליען די מילגרוימען; —
דאָרט וועל איך דיר געבן מיין ליבשאַפֿט.

יד די ליב־עפּל גיבן אַרויס אַ ריח,
און איבער אונזערע טירן זענען אַלערליי טייערע פּירות,
נייע און אַלטע, —
מיין געליבטער, האָב איך באַהאַלטן פֿאַר דיר.

---

# ח

א הלוואַי וואָלסטו מיר געווען ווי אַ ברודער,
וואָס האָט געזויגן די בריסט פֿון מיין מוטער!

## שיר השירים

ווען איך וואָלט דיך געפונען אין גאַס, וואָלט איך
דיך געקושט;
פאַרוואָר, קיינער וואָלט מיך נישט פאַראַכט.

ב איך וואָלט דיך געפירט, איך וואָלט דיך
געבראַכט אין הויז פון מיין מוטער,
דו זאָלסט מיך לערנען.
איך וואָלט דיך אָנגעטרונקען מיט דעם געווירצוויין,
מיט זאַפט פון מיין מילגרוים.

ג זיין לינקע האַנט אונטער מיין קאָפּ,
און זיין רעכטע האַנט לאָז מיך האַלדזן.

ד איך באַשווער אייך, טעכטער פון ירושלים,
פאַרוואָס זאָלט איר אופרירן, און פאַרוואָס
זאָלט איר אופוועקן די ליבע,
איידער זי וועט עס באַגערן?

---

ה ווער איז די, וואָס גייט אוף פון דער מדבר,
אָנגעלענט אַף איר געליבטן?

אונטער דעם עפּלבוים האָב איך דיך אופגעוועקט;
דאָרט האָט געווייטיקט מיט דיר דיין מוטער,
דאָרט האָט געווייטיקט דיין געווינערן.

---

ו טו מיך אַרוף ווי אַ זיגלרינג אַף דיין האַרץ,
ווי אַ זיגלרינג — אַף דיין אָרעם;
וואָרן שטאַרק ווי דער טויט איז ליבע,
גרויזאַם ווי דער גרוב איז קנאה;

# שיר השירים

אירע פונקען זענען פונקען פון פייער,
אַ פלאַם פון גאָט.

ז װאַסערן אַסך קענען נישט פאַרלעשן די ליבע,
און טייכן װעלן זי נישט פאַרפלייצן;
װען אַ מענטש װאָלט אַװעקגעבן דאָס גאַנצע
פאַרמעגן פון זיין הויז פאַר ליבע —
פאַראַכטן װאָלט מען אים פאַראַכט.

---

ח אַ שװעסטער האָבן מיר, אַ קליינע,
און קיין בריסט האָט זי נישט;
װאָס זאָלן מיר טון פאַר אונזער שװעסטער
אין דעם טאָג, װאָס סע װעט גערעדט װערן װעגן איר?

ט אויב זי איז אַ מויער —
װעלן מיר בויען אַף איר אַ טורעם פון זילבער;
און אויב זי איז אַ טיר —
װעלן מיר זי פאַרשפאַרן מיט אַ טאָװל פון צעדערן.

---

י איך בין אַ מויער,
און מיינע בריסט זענען װי טערעמער; —
דעמאָלט בין איך געװען אין זיינע אויגן
װי איינע, װאָס געפינט פרידן.

---

יא אַ װיינגאָרטן האָט שלמה געהאַט אין בעל־המון,
האָט ער אַװעקגעגעבן דעם װיינגאָרטן די היטערס;
יעדער זאָל ברענגען פאַר זיין פרוכט
טויזנט זילבערשטיק.

# שיר השירים

יב מײַן אײגענער װײנגאָרטן איז פֿאַר מיר;
די טױזנט — פֿאַר דיר, שלמה,
און צװײהונדערט — פֿאַר די היטערס פֿון זײַן פּרוכט.

---

יג דו, װאָס זיצסט אין די גערטנער,
פֿרײַנט האָרכן אַף דײַן קול:
לאָז עס מיך הערן.

---

יד אַנטלױף, מײַן געליבטער,
און זײַ דו גלײַך צו אַ הירש, אָדער צו אַ יונגן הירש
אַף די בערג פֿון בשׂמים.



# רות

## א

א און עס איז געווען אין די טעג, ווען די שופטים האָבן
געמשפּט, און עס איז געווען אַ הונגער אין לאַנד. און אַ
מאַן איז אַוועקגעגאַנגען פון בית־לחם, יהודה, צו וואוינען
אין די פעלדער פון מואָב, ער, און זיין ווייב, און זיינע צוויי
זין. ב און דער נאָמען פון דעם מאַן איז געווען אלימלך,
און דער נאָמען פון זיין ווייב — נעמי, און דער נאָמען פון
זיינע צוויי זין — מחלון און כליון, אפרתער, פון בית־לחם,
יהודה. און זיי זענען געקומען אין די פעלדער פון מואָב,
און זיי זענען דאָרטן געווען.
ג און געשטאָרבן איז אלימלך, דער מאַן פון נעמין;
און איבערגעבליבן איז זי און אירע צוויי זין. ד און זיי האָבן
זיך גענומען ווייבער מואָבערנס: דער נאָמען פון איינער
איז געווען ערפּה, און דער נאָמען פון דער אַנדערער — רות;
און זיי זענען געזעסן דאָרטן אַרום צען יאָר. ה און גע־
שטאָרבן זענען אויך זיי ביידע: מחלון און כליון; און אי־
בערגעבליבן איז די פרוי אָן אירע צוויי קינדער, און אָן איר
מאַן.
ו און אופגעשטאַנען איז זי, און אירע צוויי שניר, און
זי האָט זיך אומגעקערט פון די פעלדער פון מואָב, וואָרן
זי האָט געהערט אין דעם פעלד פון מואָב, אַז גאָט האָט
געדענקט זיין פאָלק צו געבן זיי ברויט.

ז און זי איז אַרויסגעגאַנגען פון דעם אָרט, וואו זי איז
דאָרט געווען, און אירע צוויי שניר מיט איר; און זיי זענען
געגאַנגען אַף דעם וועג אומצוקערן זיך צו דעם לאַנד יהודה.
ח און נעמי האָט געזאָגט צו אירע צוויי שניר: גייט, קערט
אייך אום, יעדע צו דעם הויז פון איר מוטער; לאָז גאָט
מיט אייך טון גענאָד, אַזויווי איר האָט געטון מיט די טויטע
און מיט מיר. ט גאָט זאָל אייך געבן, און איר זאָלט געפי־
נען רו, יעדע אין הויז פון איר מאַן. און זי האָט זיי געקושט;
און זיי האָבן אופגעהויבן זייער קול און זיי האָבן געוויינט.
י און זיי האָבן געזאָגט צו איר: נייערט מיט דיר וועלן
מיר זיך אומקערן צו דיין פאָלק.
יא און נעמי האָט געזאָגט: קערט אייך אום, מיינע
טעכטער, צו וואָס זאָלט איר גיין מיט מיר? צי האָב איך
נאָך זין אין מיינע אינגעווייד, אַז זיי זאָלן זיין אייך פאַר
מאַנען? יב קערט אייך אום, מיינע טעכטער, גייט, וואָרן
איך בין צו אַלט צו זיין מיט אַ מאַן. ווען איך זאָל שוין
זאָגן: פאַראַן פאַר מיר האָפענונג, איך זאָל נאָך זיין די
נאַכט מיט אַ מאַן, און איך זאָל אויך געווינען זין;
יג צי וועט איר האַרן אַף זיי ביז זיי וועלן גרויס ווערן? צי
וועט איר זיך בינדן צוליב זיי און נישט זיין מיט קיין מאַן?
ניין, מיינע טעכטער, וואָרן מיר איז ביטערער פון אייך,
וואָרן אַרויס קעגן מיר איז די האַנט פון גאָט. יד און זיי האָבן
אופגעהויבן זייער קול און זיי האָבן נאָכאַמאָל געוויינט; און
ערפה האָט געקושט איר שוויגער, און רות האָט זיך באַ־
העפט אָן איר. טו און זי האָט געזאָגט: זע, דיין שוועגערן
האָט זיך אומגעקערט צו איר פאָלק, און צו איר גאָט; קער
דיך אום נאָך דיין שוועגערן. טז און רות האָט געזאָגט:

בעט מיך נישט, דיך צו פאַרלאָזן, אומצוקערן זיך פון נאָך
דיר;

וואָרן וואוהין דו וועסט גיין, וועל איך גיין;
און וואו דו וועסט נעכטיקן, וועל איך נעכטיקן;
דיין פאָלק איז מיין פאָלק,
און דיין גאָט איז מיין גאָט;

יז וואו דו וועסט שטאַרבן, וועל איך שטאַרבן,
און דאָרט וועל איך ווערן באַגראָבן;
אַזוי לאָז גאָט טון מיט מיר,
און נאָך מער;
נייערט דער טויט וועט מאַכן אַ צווישנשייד
צווישן מיר און צווישן דיר.

יח און זי האָט געזען, אַז יענע האָט זיך געשטאַרקט
צו גיין מיט איר, און זי האָט פאַרמיטן צו רעדן צו איר.
יט און זיי זענען ביידע געגאַנגען, ביז זיי זענען געקומען קיין
בית־לחם. און עס איז געווען, אַז זיי זענען געקומען קיין
בית־לחם, און די גאַנצע שטאָט האָט גערודערט מיט זיי,
און ווייבער האָבן געזאָגט: איז דאָס נעמי? כ און זי האָט
געזאָגט צו זיי: רופט מיך נישט נעמי*), רופט מיך מרה**),
וואָרן דער אַלמעכטיקער האָט מיר זייער פאַרביטערט.
כא איך בין פול אַוועקגעגאַנגען, און ליידיק האָט מיך גאָט
אומגעקערט; פאַרוואָס זאָלט איר מיך רופן נעמי, אַז גאָט
האָט באַצייגט קעגן מיר, און דער אַלמעכטיקער האָט מיר
שלעכטס געטון?

---

*) ליבלעכע. **) ביטערע.

# רות

כב אַזוי האָט זיך אומגעקערט נעמי, און רות די
מואָבערן, איר שנור, מיט איר, וואָס האָט זיך אומגעקערט
פון די פעלדער פון מואָב; און זיי זענען געקומען קיין
בית־לחם ביים אָנהייב פון דעם שניט פון גערשטן.

---

# ב

א און נעמי האָט געהאַט אַ נאָענטן פון איר מאַן, אַ העל־
דישער מענטש פון אלימלכס משפחה, און זיין נאָמען איז
געווען בועז. ב און רות, די מואָבערן, האָט געזאָגט צו
נעמין: לאָמיך איצט גיין אין דעם פעלד, און איך וועל
קלייבן צווישן די זאַנגען הינטער דעם, וואָס איך וועל געפי־
נען לייטזעליקייט אין זיינע אויגן. און יענע האָט געזאָגט
צו איר: — גיי, מיין טאָכטער.

ג און זי איז אַוועקגעגאַנגען; און זי איז געקומען און
האָט געקליבן אין דעם פעלד הינטער די שניטער; און איר
טרעפונג איז געווען צו טרעפן אַף דעם שטיק פעלד פון
בועזן, וואָס איז געווען פון אלימלכס משפחה. ד און זע,
בועז איז געקומען פון בית־לחם, און ער האָט געזאָגט צו די
שניטער: גאָט זאָל זיין מיט אייך. און זיי האָבן געזאָגט צו
אים: גאָט זאָל דיך בענטשן. ה און בועז האָט געזאָגט צו
זיין יונג, וואָס איז געווען געשטעלט איבער די שניטער:
וועמעס מיידל איז דידאָזיקע? ו און סע האָט געענטפערט
דער יונג, וואָס איז געווען געשטעלט איבער די שניטער,
און ער האָט געזאָגט: אַ מיידל — אַ מואָבערן איז זי, וואָס
האָט זיך אומגעקערט מיט נעמין פון די פעלדער פון מואָב;

# רות

ז און זי האָט געזאָגט: לאָמיך קלייבן, און אופזאַמלען צווישן
די גאַרבן הינטער די שניטער. און זי איז געקומען, און זי
איז געשטאַנען דאָ פון אינדערפרי ביז אַצינד, אויסער איר
זיצן אין הויז אַביסל. ח און בועז האָט געזאָגט צו רותן:
פאַרוואָר, דו הערסט, מיין טאָכטער? גיי נישט קלייבן אין
קיין אַנדער פעלד, און גיי אויך נישט אַוועק פון דאַנען,
נייערט דאָ באַהעפט דיך מיט מיינע מיידלעך. ט לאָזן
דיינע אויגן זיין אַף דעם פעלד, וואָס זיי שניידן, און דו גיי
הינטער זיי; פאַרוואָר, איך האָב באַפוילן די יונגען, דיך נישט
אָנצורירן; און אַז דו ווערסט זיין דאָרשטיק, גיי צו צו די כלים,
און טרינק פון דעם, וואָס די יונגען האָבן אָנגעשעפט. י און
זי איז געפאַלן אַף איר פנים און האָט זיך געבוקט ביז צו
דר'ערד; און זי האָט געזאָגט צו אים: פאַרוואָס האָב איך
געפונען לייטזעליקייט אין דיינע אויגן צו דערקענען מיך,
אַז איך בין דאָך אַ פרעמדע? יא און געענטפערט האָט
בועז און ער האָט געזאָגט צו איר: דערציילן איז מיר דער־
ציילט געוואָרן אַלץ, וואָס דו האָסט געטון מיט דיין שוויגער
נאָך דעם טויט פון דיין מאַן: און דו האָסט פאַרלאָזט דיין
פאָטער און דיין מוטער, און דאָס לאַנד פון דיין געבוירן, און
דו ביסט געגאַנגען צו אַ פאָלק, וואָס דו האָסט נישט גע־
קענט נעכטן, איינעכטן. יב גאָט זאָל פאַרגעלטן דיין טו־
אונג, און דיין לוין זאָל זיין גאַנץ פון גאָט דעם גאָט פון
ישראל, וואָס דו ביסט געקומען באַשירעמען דיך אונטער
זיינע פליגל. יג און זי האָט געזאָגט: לאָמיך געפינען לייט־
זעליקייט אין דיינע אויגן, מיין האַר, וואָרן דו האָסט מיך
געטרייסט, און ווייל דו האָסט גערעדט צום האַרצן פון דיין
דינסט, און איך בין נישט אַפילו ווי איינע פון דיינע דינסטן.

יד און אין דער צייט פון עסן האָט בּוֹעז געזאָגט צו
איר: גענעען אַהער, און עס פון דעם ברויט, און טונק איין
דיין ביסן אין זויערס. און זי האָט זיך געזעצט ביי דער זייט
פון די שניטער, און ער האָט איר דערלאַנגט געברענטע
קערנער; און זי האָט געגעסן און איז געווען זאַט, און זי האָט
נאָך איבערגעלאָזט. טו אַז זי איז אופגעשטאַנען צו קלייבן,
האָט בּוֹעז באַפוילן זיינע יונגען, אַזוי צו זאָגן: אויך צווישן
די גאַרבן זאָל זי קלייבן, און איר זאָלט זי נישט פאַרשעמען.
טז און אויך ציען זאָלט איר אַרויסציען פאַר איר פון די בינט־
לעך, און לאָזט זיי איבער, און זאָל זי קלייבן, און איר
זאָלט אַף איר נישט אָנשרייען. יז און זי האָט געקליבן אין
פעלד ביזן אָוונט; און זי האָט אויסגעקלאַפּט, וואָס זי האָט
אָנגעקליבן, און עס איז געווען אַרום אַן איפה גערשטן.
יח און זי האָט עס אופגעהויבן, און איז געקומען אין
שטאָט אַריין, און איר שוויגער האָט געזען וואָס זי האָט אָנ־
געקליבן; און יענע האָט אַרויסגענומען און איר געגעבן וואָס
זי האָט איבערגעלאָזט פון איר זעט. יט און איר שוויגער
האָט צו איר געזאָגט: וואו האָסטו געקליבן היינט? און
וואו האָסטו געאַרבעט? לאָז זיין געבענטשט דער, וואָס
האָט דיך דערקענט. און זי האָט דערציילט איר שוויגער
ביי וועמען זי האָט געאַרבעט, און זי האָט געזאָגט: דער
נאָמען פון דעם מאַן, וואָס איך האָב היינט געאַרבעט ביי
אים — איז בּוֹעז. כ און נעמי האָט געזאָגט צו איר שנור:
געבענטשט זאָל ער זיין פון גאָט, וואָס זיין חסד האָט נישט
פאַרלאָזט די לעבעדיקע און די טויטע. און נעמי האָט צו
איר געזאָגט: דער מאַן איז אונזערער אַ נאָענטער, פון אונ־
זערע אויסלייזער איז ער. כא און רות, די מוֹאָבערן, האָט

געזאָגט: ער האָט מיר אויך געזאָגט: מיט די יונגען, וואָס
זענען ביי מיר, זאָלסטו דיך האַלטן, ביזוואַנען זיי וועלן
ענדיקן דעם גאַנצן שניט, וואָס איך האָב. כב און נעמי האָט
געזאָגט צו רותן איר שנור: עס איז גוט, מיין טאָכטער, אַז
דו זאָלסט אַרויסגיין מיט זיינע מיידלעך, און מע זאָל דיך
נישט באַגעגענען אין קיין אַנדער פעלד. כג און זי האָט זיך
באַהעפט מיט די מיידלעך פון בועז, צו קלייבן, ביז סע
האָט זיך געענדיקט דער שניט פון גערשטן און דער שניט
פון ווייץ; און זי איז געזעסן מיט איר שוויגער.

---

# ג

א און נעמי, איר שוויגער, האָט געזאָגט צו איר: טאָכטער
מיינע, וואָרהאַפטיק, איך וועל זוכן פאַר דיר אַן אָפּרו, וואָס
זאָל זיין גוט פאַר דיר. ב און איצט, איז נישט בועז, וואָס
דו ביסט געווען מיט זיינע מיידלעך, אונזערער אַ נאָענ־
טער? זע, ער שויפלט אין שייער דעם גערשטן די נאַכט.
ג נעם וואַש דיך און זאַלב דיך, און טו אָן אַף דיר דיינע קליי־
דער און נידער אַראָפּ צו דעם שייער, לאָז דיך נישט דערקענ־
נען צו דעם מאַן, ביז ער וועט האָבן געענדיקט צו עסן און צו
טרינקען. ד און סע וועט זיין, אַז ער וועט זיך טון לייגן, און
דו זאָלסט דיר מערקן דאָס אָרט, וואו ער וועט זיך דאָרטן לייגן,
און דו קום און דעק אויף זיין צופוסנס און לייג דיך אַנידער;
און ער וועט דיר זאָגן וואָס דו זאָלסט טון. ה און יענע האָט
געזאָגט צו איר: אַלץ, וואָס דו זאָגסט מיר, וועל איך טון.

ו און זי האָט אַראָפּגעגנידערט צום שייער, און זי האָט געטון
לויט אַלץ, וואָס איר שוויגער האָט איר געבאָטן.
ז און בועז האָט געגעסן און האָט געטרונקען, און זיין
האַרץ איז געווען פריילעך, און ער איז געקומען צו לייגן זיך
ביים עק פון אַ הויפן תבואה; און זי איז צוגעקומען שטי־
לערהייט און האָט אָפּגעדעקט זיין צופוסנס, און זי האָט
זיך אַנידערגעלייגט.
ח און עס איז געווען ביי האַלבערנאַכט, און דער מאַן
האָט אופגעציטערט, און ער האָט זיך אויסגעדרייט, און זע,
אַ ווייב ליגט אים צופוסנס. ט און ער האָט געזאָגט: ווער
ביסטו? און זי האָט געזאָגט: איך בין רות, דיין דינסט;
נעם שפּרייט אויס דיין פליגל איבער דיין דינסט, וואָרן דו
ביסט אַן אויסלייזער. י און ער האָט געזאָגט: דו זיי גע־
בענטשט פון גאָט, מיין טאָכטער; דיין לעצטע גוטסקייט
האָסטו געטון בעסער פון דער ערשטער: נישט צו גיין נאָך
די יונגען, סיי אָרים און סיי רייך. יא און איצט, טאָכטער
מיינע, האָב נישט קיין מורא; אַלץ, וואָס דו וועסט מיר זאָגן,
וועל איך דיר טון; וואָרן סע ווייסט דער גאַנצער טויער פון
מיין פאָלק, אַז דו ביסט אַ העלדישע פרוי. יב און איצט,
עס איז דאָך אמת, אַז איך בין אַן אויסלייזער; אָבער פאַראַן
אויך אַן אויסלייזער אַ נעענטערער פון מיר. יג נעכטיק
איבער די נאַכט, און סע וועט זיין אינדערפרי, אויב ער וועט
דיך אויסלייזן — איז גוט, לאָז ער אויסלייזן; און אויב ער
וועט נישט וועלן דיך אויסלייזן — וועל איך דיך אויסלייזן,
ווי גאָט לעבט. לייג דיך ביז אינדערפרי.
יד און זי איז געלעגן אים צופוסנס ביז אינדערפרי; און
זי איז אופגעשטאַנען, איידער אַ מענטש קאָן דערקענען

דעם אַנדערן; וואָרן ער האָט געזאָגט : לאָז מען נישט וויסן,
אַז די פרוי איז געקומען אין שייער. טו און ער האָט גע־
זאָגט : ברענג דאָס טוך, וואָס איז אַף דיר, און האַלט עס
צו. און זי האָט עס צוגעהאַלטן ; און ער האָט אָפּגעמאָסטן
זעקס מאָס גערשטן, און ער האָט עס אַרופגעלייגט אַף איר ;
און ער איז געקומען אין שטאָט אַריין. טז און זי איז געקו־
מען צו איר שוויגער; און יענע האָט געזאָגט : ווער ביסטו,
מיין טאָכטער ? און זי האָט איר דערציילט אַלץ, וואָס דער
מענטש האָט פאַר איר געטון. יז און זי האָט געזאָגט : די־
דאָזיקע זעקס מאָס גערשטן האָט ער מיר געגעבן, וואָרן ער
האָט געזאָגט צו מיר : קום נישט ליידיק צו דיין שוויגער.
און יענע האָט געזאָגט : זיץ, מיין טאָכטער, ביזוואַנען דו
וועסט וויסן, ווי די זאַך וועט אויספאַלן; וואָרן דער מאַן וועט
נישט רוען, סיידן ער וועט האָבן געענדיקט היינט די זאַך.

---

# ד

א און בועז איז אַרופגעגאַנגען צום טויער, און ער האָט
זיך דאָרטן אַנידערגעזעצט; און זע — דער אויסלייזער, וואָס
בועז האָט פון אים גערעדט, גייט פאַרביי; און ער האָט
געזאָגט : קער אָפּ, זעץ דיך דאָ, דו דער און דער. און יענער
האָט אָפּגעקערט און האָט זיך אַנידערגעזעצט. ב און ער
האָט גענומען צען מענטשן פון די עלטסטע פון שטאָט,
און ער האָט געזאָגט : זעצט אייך אַנידער דאָ. און זיי
האָבן זיך אַנידערגעזעצט. ג און ער האָט געזאָגט צו דעם

# רות

אויסלייזער: נעמי, וואָס האָט זיך אומגעקערט פון דעם
פעלד פון מואָב, פאַרקויפט דאָס שטיק פעלד, וואָס האָט
געהערט צו אונזער ברודער, צו אלימלכן. ד און איך האָב
געטראַכט: איך וועל אַנטפּלעקן פאַר דיין אויער, אַזוי צו
זאָגן: קויף עס קעגן די, וואָס זיצן דאָ, און קעגן די עלטסטע
פון מיין פאָלק. אויב דו ווילסט עס אויסלייזן — לייז עס
אויס; אויב אָבער סע וועט נישט ווערן אויסגעלייזט, זאָג
מיר, אַז איך זאָל עס וויסן; וואָרן עס איז נישטאָ קיינער חוץ
דיר עס אויסצולייזן, און איך — נאָך דיר. און יענער האָט גע־
זאָגט: איך וועל עס אויסלייזן. ה און בועז האָט געזאָגט:
אין דעם טאָג, וואָס דו קויפסט דיר דאָס פעלד פון דער
האַנט פון נעמין, און פון רות, דער מואָבערן, האָסטו גע־
קויפט דאָס ווייב פון דעם טויטן, אויפצושטעלן דעם נאָמען
פון דעם טויטן אַף זיין אַרבטייל. ו און דער אויסלייזער
האָט געזאָגט: איך קאָן עס נישט אויסלייזן פאַר מיר, טאָ־
מער וועל איך פאַרדאַרבן מיין אייגן אַרבטייל; לייז דו דיר
אויס מיין אויסלייזונג, וואָרן איך קאָן עס נישט אויסלייזן.
ז און אַזוי איז דאָס געווען פאַרצייטן אין ישראל ביי
אַן אויסלייזונג און ביי אַ בייט, צו באַפעסטיקן יעדע זאַך:
איינער האָט אַראָפּגעצויגן זיין שוך און ער האָט אים גע־
געבן דעם אַנדערן; און דאָס איז געווען דאָס באַצייגעניש
אין ישראל. ח און דער אויסלייזער האָט געזאָגט צו בועזן:
קויף עס פאַר דיר. און ער האָט אַראָפּגעצויגן זיין שוך.
ט און בועז האָט געזאָגט צו די עלטסטע און דעם גאַנצן
פאָלק: עדות זענט איר היינט, אַז איך האָב געקויפט אַלץ,
וואָס סע האָט געהערט צו אלימלכן, און אַלץ, וואָס סע האָט
געהערט צו כליונען און צו מחלונען, פון דער האַנט פון

נעמין  י און אויך רות, די מוֹאָבערן, דאָס ווייב פון מחלוֹנען,
האָב איך מיר געקויפט פאַר אַ ווייב, אופצושטעלן דעם
נאָמען פון דעם טויטן אַף זיין אַרבטייל. און לאָז נישט
פאַרשניטן ווערן דער נאָמען פון דעם טויטן פון צווישן זיינע
ברידער, און פון דעם טויער פון זיין אָרט; עדות זענט איר
היינט. יא און דאָס גאַנצע פאָלק, וואָס איז געווען אין טויער,
און די עלטסטע, האָבן געזאָגט: עדות! לאָז גאָט געבן
דעם ווייב, וואָס קומט אין דיין הויז, זי זאָל זיין ווי רחל און
ווי לאה, וואָס זיי ביידע האָבן אופגעבויט דאָס הויז פון
ישראל; און דו טו העלדישקייט אין אפרת, און זיי גערופן
אין בית־לחם! יב און לאָז זיין דיין הויז ווי דאָס הויז פון
פרצן, וואָס תּמר האָט געבוירן פאַר יהודהן, פון דעם זוימען,
וואָס גאָט וועט דיר געבן פון דערדאָזיקער יונגפרוי.

יג און בוֹעז האָט גענומען רותן, און זי איז אים געוואָרן
זיין ווייב; און ער איז געקומען צו איר, און גאָט האָט איר
געגעבן טראָגן, און זי האָט געבוירן אַ זון. יד און די ווייבער
האָבן געזאָגט צו נעמין: געבענטשט איז גאָט, וואָס האָט
נישט געלאָזן דיך היינט אָן אַן אויסלייזער, און לאָז זיין
נאָמען זיין גערופן אין ישראל. טו און ער זאָל דיר זיין אַ
דערקוויקער פון דעם לעבן, און אַ דערנערער אַף דיין על־
טער; וואָרן דיין שנור, וואָס האָט דיך ליב, וואָס זי איז דיר
בעסער פון זיבן זין, האָט אים געבוירן. טז און נעמי האָט
גענומען דאָס קינד און האָט עס אַריינגעלייגט אין איר
שויס, און זי איז אים געוואָרן פאַר אַ דערציערן. יז און די
שכנות האָבן אים גערופן אַ נאָמען, אַזוי צו זאָגן: אַ זון איז
געבוירן געוואָרן ביי נעמין; און זיי האָבן גערופן זיין נאָמען
עוֹבד; ער איז דער פאָטער פון ישין, דער פאָטער פון דודן.

יח און דאָס זענען די נאָכגעבורטן פון פּרצן: פּרץ האָט
געבוירן חצרונען; יט און חצרון האָט געבוירן רמען, און
רם האָט געבוירן עמינדבן; כ און עמינדב האָט געבוירן
נחשונען, און נחשון האָט געבוירן שַׂלמהן; כא און שַׂלמה
האָט געבוירן בועזן, און בועז האָט געבוירן עובדן; כב און
עובד האָט געבוירן ישין, און ישי האָט געבוירן דודן.



# איכה

## א

א

א וויאַזוי איז געבליבן זיצן איינזאַם די שטאָט,
די פיל באַפעלקערטע !
זי איז געוואָרן ווי אַן אַלמנה !
די גרויסע צווישן די פעלקער,
די האַרנטע צווישן די לענדער —
זי איז געוואָרן צו צינז.

ב

ב וויינען טוט זי וויינען ביינאַכט,
און איר טרער איז אַף איר קינבאַק ;
זי האָט נישט קיין טרייסטער
פון אַלע אירע ליבהאָבער ;
אַלע אירע פריינט האָבן געפעלשט אין איר,
זיי זענען איר געוואָרן פיינט.

ג

ג יהודה איז אַוועק אין גלות פונוועגן פיין,
און פונוועגן אַסאַך קנעכטשאַפט ;
זי זיצט צווישן די פעלקער,
זי געפינט נישט קיין רו ;
אַלע אירע נאָכיאָגער האָבן זי דערגרייכט
צווישן די געמאַרקן.

# א י כ ה

ד

ד די וועגן פון ציון טרויערן,
וואָרן עס זענען נישטאָ די, וואָס קומען
אַף אַן איינזאַמלונג;
אַלע אירע טויערן זענען וויסט,
אירע כּוֹהנים זיפצן,
אירע יונגפרויען זענען פאַרטרויערט,
און זי — ביטער איז איר.

ה

ה אירע באַדרענגער זענען געוואָרן דער קאָפּ,
אירע פיינט זענען אין רו;
וואָרן גאָט האָט זי פאַרטרויערט
פונוועגן אירע פיל פאַרברעכנס;
אירע יונגע קינדער זענען געגאַנגען אין געפאַנגענשאַפט
פאָרויס פאַר דעם באַדרענגער.

ו

ו און אַרויס איז פון דער טאָכטער פון ציון
די גאַנצע הערלעכקייט אירע;
אירע האַרן זענען געוואָרן ווי די אינדן,
וואָס געפינען נישט קיין פיטערונג;
און זיי זענען געגאַנגען אָן כּוֹח
פאָרויס פאַר דעם נאָכיאָגער.

ז

ז ירושלים געדענקט
אין די טעג פון איר פיין און אירע וואָגלענישן
אַלע אירע גלוסטיקייטן,
וואָס זי האָט געהאַט פון די טעג פון אַמאָל;

# א י כ ה

אַז איר פֿאָלק איז געפֿאַלן אין דער האַנט פֿון באַדרענגער,
און קיינער האָט איר נישט געהאָלפֿן,
האָבן די באַדרענגער געקוקט אַף איר,
זיי האָבן געלאַכט אַף אירע פֿאַרשטערונגען.

ח

ח זינדיקן האָט געזינדיקט ירושלים,
דעריבער איז זי געוואָרן ווי אַן אומריינע;
אַלע, וואָס האָבן זי געאַכפּערט — פֿאַראַכטן זי,
וואָרן זיי האָבן געזען איר נאַקעטקייט;
די אַליין טוט אויך זיפֿצן,
און האָט זיך געקערט אַהינטער.

ט

ט איר אומריייניקייט איז געווען אין אירע שלעפּעס;
זי האָט נישט געטראַכט פֿון איר סוף;
אַזוי האָט זי גענידערט געוואַלטיק, —
זי האָט נישט קיין טרייסטער.
זע, גאָט, מיין פּיין,
וואָרן דער פֿיינט האָט זיך געגרויסט.

י

י דער באַדרענגער האָט אויסגעשפּרייט זיין האַנט
אַף אַלע אירע גלוסטיקייטן;
פֿאַרוואָר, זי האָט געזען,
פֿעלקער זענען געקומען אין איר הייליקטום,
די, וואָס דו האָסט געבאָטן,
זיי זאָלן נישט קומען אין דיין איינזאַמלונג.

# איכה

כ

יא דאָס גאַנצע פאָלק אירס טוט זיפצן,
זיי טוען זוכן ברויט;
זיי האָבן אַוועקגעגעבן זייערע גלוסטיקייטן פאַר שפּייז
צו דערקוויקן דאָס לעבן.
זע, גאָט, און קוק,
ווי איך בין געוואָרן פאַראַכט.

---

ל

יב נישט פאַר אייך געדאַכט, איר אַלע פאַרבייגייער!
קוקט און זעט,
צי איז פאַראַן אַ ווייטיק ווי מיין ווייטיק,
וואָס איז געטון געוואָרן מיר,
וועמען גאָט האָט פאַרטרויערט
אין טאָג פון זיין גרימצאָרן?

מ

יג פון דער הייך האָט ער אַראָפּגעשיקט אַ פייער
אין מיינע ביינער, און סע האָט זיי באַוועלטיקט;
ער האָט פאַרשפּרייט אַ נעץ פאַר מיינע פיס,
ער האָט מיך אומגעקערט אַהינטער;
ער האָט מיך געמאַכט וויסט,
קראַנק — אַ גאַנצן טאָג.

נ

יד פאַרקניפּט איז דער יאָך פון מיינע
פאַרברעכנס מיט זיין האַנט;
זיי זענען צוזאַמענגעפלאָכטן,
זיי זענען אַרויף אַף מיין האַלז;

ער האָט געמאַכט שטרויכלען מיין כּוח;
גאָט האָט מיך איבערגעגעבן אין הענט, —
איך קאָן נישט אופשטיין.

ס

טו גאָט האָט פאַרוואָרפן
אַלע מיינע שטאַרקע צווישן מיר;
ער האָט גערופן קעגן מיר אַן איינזאַמלונג
צו צעברעכן מיינע יונגען;
אַ קעלטער האָט גאָט געטרעטן
פאַר דער יונגפרוי־טאָכטער פון יהודה.

ע

טז אַף דעם טו איך וויינען,
מיין אויג, מיין אויג נידערט אַראָפּ מיט וואַסער;
וואָרן ווייט איז פון מיר אַ טרייסטער,
אַ דערקוויקער פון מיין זעל;
מיינע קינדער זענען פאַרוויסט,
וואָרן דער פיינט האָט זיך געשטאַרקט.

פ

יז ציון טוט אויסשפרייטן אירע הענט, —
נישטאָ קיין טרייסטער פאַר איר;
גאָט האָט געבאָטן אַף יעקבן
די, אַרום אים, זאָלן זיין זיינע באַדרענגער;
ירושלים איז געוואָרן
ווי אַן אומריינע צווישן זיי.

צ

יח גאָט — ער איז רעכטפאַרטיק,
וואָרן איך האָב ווידערגעשפעניקט זיין מויל.

# א י כ ה

הערט נאָר, איר אַלע פעלקער,
און זעט מיין ווייטיק:
מיינע יונגפרויען און מיינע יונגען
זענען געגאַנגען אין געפאַנגענשאַפט.

ק

יט איך האָב גערופן מיינע ליבהאָבער, —
זיי האָבן מיך באַטריגן;
מיינע כּוֹהנים און מיינע זקנים
זענען אויסגעגאַנגען אין שטאָט,
בעת זיי האָבן געזוכט פאַר זיך שפּייז,
אַז זיי זאָלן דערקוויקן זייער לעבן.

ר

כ זע, גאָט, וואָרן מיר איז ענג,
מיינע אינגעווייד ברענען;
מיין האַרץ איז געוואָרן איבערגעקערט אין מיר,
וואָרן ווידערשפּעניקן האָב איך ווידערגעשפּעניקט.
אינדרויסן פאַרלענדט די שווערד,
אין הויז איז ווי דער טויט.

ש

כא זיי האָבן געהערט, אַז איך טו זיפצן,
עס איז נישטאָ פאַר מיר קיין טרייסטער;
אַלע מיינע פיינט האָבן געהערט,
מיר איז שלעכט, זיי פרייען זיך,
וואָרן דו האָסט עס געטון.
ברענג דעם טאָג, וואָס דו האָסט אָנגערופן,
און לאָזן זיי זיין ווי איך.

ת

כב לאָז קומען פאַר דיר זייער גאַנצע שאַלקהאַפטיקייט,
און טו צו זיי,
ווי דו האָסט מיר געטון
פאַר אַלע מיינע פאַרברעכנס;
וואָרן אַסאַך זענען מיינע זיפצן,
און מיין האַרץ איז קראַנק.

---

# ב

א

א וויאַזוי האָט גאָט פאַרוואָלקנט אין זיין צאָרן
די טאָכטער פון ציון!
ער האָט אַראָפּגעוואָרפן פון הימל צו דריערד
די שיינקייט פון ישראל,
און האָט נישט געדענקט זיין פוסבענקל
אין טאָג פון זיין צאָרן.

ב

ב גאָט האָט פאַרשלונגען, און ער האָט נישט געשוינט,
אַלע וואוינונגען פון יעקב;
ער האָט צעפירט אין זיין גרימצאָרן
די פעסטונגען פון דער טאָכטער פון יהודה;
ער האָט זיי נאָענט געמאַכט צו דריערד;
ער האָט פאַרשוועכט די מלוכה און אירע האַרן.

ג

ג ער האָט פאַרשניטן אין גרימצאָרן
דעם גאַנצן האָרן פון ישראל;

# א י כ ה

ער האָט צוריקגעצויגן זיין רעכטע האַנט
פון פאַר דעם פיינט;
און ער האָט געברענט אין יעקב ווי אַ פלאַמפייער,
וואָס פאַרצערט רונדאַרום.

ד

ד ער האָט געשפּאַנט זיין בויגן ווי אַ פיינט,
ער האָט זיך געשטעלט מיט זיין
רעכטער האַנט ווי אַ באַדרענגער,
און ער האָט געהאַרגעט
אַלע גלוסטיקע פון אויג;
אין דעם געצעלט פון דער טאָכטער פון ציון
האָט ער אויסגעגאָסן ווי אַ פייער זיין גרימצאָרן.

ה

ה גאָט איז געוואָרן ווי אַ פיינט,
ער האָט פאַרשלונגען ישראל;
ער האָט פאַרשלונגען אַלע אירע פּאַלאַצן,
ער האָט פאַרדאָרבן זיינע פעסטונגען;
און ער האָט געמערט אין דער טאָכטער פון יהודה
קומער און יאָמער.

ו

ו און ער האָט געפּלינדערט זייןביידל ווי אַ גאָרטן,
ער האָט פאַרדאָרבן זיין איינזאַמל־אָרט;
גאָט האָט געמאַכט פאַרגעסן אין ציון
איינזאַמלונג און שבת,
און ער האָט פאַרוואָרפן אין גרימען פון זיין צאָרן
קיניג און כּוהן.

# א י כ ה

ז

ז גאָט האָט פֿאַרלאָזט זײַן מזבח,
ער האָט פֿאַראָפּשײַט זײַן הייליקטום,
ער האָט איבערגעענטפֿערט אין דער האַנט פֿון פֿײַנט
די מויערן פֿון אירע פּאַלאַצן;
זיי האָבן געמאַכט קולות אין הויז פֿון גאָט
ווי אין אַ טאָג פֿון אײַנזאַמלונג.

ח

ח גאָט האָט געטראַכט צו פֿאַרדאַרבן
די מויער פֿון דער טאָכטער פֿון ציון;
ער האָט געצויגן אַ מעסטשנור,
ער האָט נישט אומגעקערט זײַן האַנט
פֿון צו פֿאַרדאַרבן;
ער האָט געמאַכט טרויערן וואַל און וואַנט,
זיי זענען אינײַנעם פֿאַרשניטן געוואָרן.

ט

ט אײַנגעזונקען אין דריערד זענען אירע טויערן;
ער האָט צעשטערט און צעבראָכן אירע ריגלען;
איר מלך און אירע האַרן זענען צווישן די פֿעלקער,
נישטאָ מער קיין תּורה;
אויך אירע נביאים
האָבן נישט געפֿונען קיין זעאונג פֿון גאָט.

י

י זיי טוען זיצן אַף דריערד און זיי שווײַגן —
די זקנים פֿון דער טאָכטער פֿון ציון;
זיי האָבן אַרופֿגעטון שטויב אַף זייער קאָפּ,
זיי האָבן זיך אָנגעגורט זעק;

# איכה

זיי האָבן אַראָפּגעלאָזט צו דר׳ערד זייער קאָפּ —
די יונגפרויען פון ירושלים.

---

כּ

יא מיינע אויגן — זיי ווערן פאַרלענדט אין טרערן,
מיינע אינגעווײדן — זיי ווערן פאַרברענט;
אויסגעגאָסן געוואָרן אַף דר׳ערד איז מיין לעבער
אַף דעם בראָך פון דער טאָכטער פון מיין פאָלק;
וואָרן סע פאַרשמאַכטן קליינע קינדער און זייגעוודיקע
אין די גאַסן פון שטאָט.

ל

יב צו זייערע מוטערס טוען זיי זאָגן:
וואו איז קאָרן און וויין?
בעת זיי פאַרשמאַכטן ווי דערשלאָגן
אין די גאַסן פון שטאָט,
בעת סע ווערט אויסגעגאָסן זייער זעל
אין שויס פון זייערע מוטערס.

מ

יג וואָס זאָל איך דיר ברענגען פאַר עדות?
וואָס זאָל איך פאַרגלייכן צו דיר,
דו טאָכטער פון ירושלים?
וואָס זאָל איך גלייכן צו דיר, אַז איך זאָל דיך טרייסטן,
יונגפרוי־טאָכטער פון ציון?
וואָרן גרויס ווי דער ים איז דיין בראָך,
ווער קאָן דיך היילן?

נ

יד דיינע נביאים האָבן פאַר דיר געזען
פאַלשקייט און נאַרעריי,

און זיי האָבן נישט אַנטפלעקט דיין שולד
אומצוקערן דיין געפאַנגענשאַפט ;
נייערט זיי האָבן דיר געזען
לאַסטן פון פאַלשקייט און פאַרפירעניש.

פ

טו סע האָבן געפאַטשט אַף דיר מיט די הענט
אַלע, וואָס גייען פאַרביי דעם וועג ;
זיי האָבן געצישעט און געשאָקלט זייער קאָפּ
אַף דער טאָכטער פון ירושלים :
איז דאָס די שטאָט, וואָס מע האָט געזאָגט :
די גאַנצענע שיינקייט,
די פרייד פון דער גאַנצער ערד ?

פ

טז סע האָבן געעפנט אַף דיר זייער מויל
אַלע דיינע פיינט ;
זיי האָבן געצישעט און געקריצט די ציין ;
זיי האָבן געזאָגט : מיר האָבן זי פאַרשלונגען ;
פאַרוואָר, דאָס איז דער טאָג
אַף וואָס מיר האָבן געהאָפט,
מיר האָבן געפונען, מיר האָבן אים געזען.

ע

יז גאָט האָט געטון, וואָס ער האָט געטראַכט ;
ער האָט אויסגעפירט זיין וואָרט,
וואָס ער האָט געבאָטן אין די טעג פון אַמאָל ;
ער האָט צעשטערט, און ער האָט
זיך נישט דערבאַרעמט,

# א י כ ה

ער האָט געמאַכט פרייען זיך דעם פיינט איבער דיר,
ער האָט דערהויבן דעם האָרן פון דיינע באַדרענגער.

צ

יח זייער האַרץ האָט געשריגן צו גאָט:
מויער פון דער טאָכטער פון ציון,
לאָז אַראָפּנידערן טרערן ווי אַ טייך
טאָג און נאַכט;
דו זאָלסט דיר נישט געבן קיין אָפּרו,
לאָז נישט איינשטילן דיין אויגעפּל.

ק

יט שטיי אויף, שריי אויף אין דער נאַכט
ביים אָנהייב פון די נאַכטוואַכן;
גיס אויס דיין האַרץ ווי וואַסער
קעגן דעם פּנים פון גאָט;
הייב אויף צו אים דיינע הענט
פאַר דעם לעבן פון די קליינע קינדער,
וואָס פאַרשמאַכטן אין הונגער
ביים אָנהייב פון אַלע גאַסן.

ר

כ זע, גאָט, און קוק,
וועמען דו האָסט געטון אַזוי!
צי זאָלן די ווייבער עסן זייער פרוכט —
קליינע געווינדלטע קינדער?
צי זאָלן געטייט ווערן אין הייליקטום פון גאָט
כּוֹהן און נביא?

# א י כ ה

ש

כא זיי זענען געלעגן אַף דריערד אין די גאַסן
יונג און אַלט;
מיינע יונגפרויען און מיינע יונגען
זענען געפאַלן פון שווערד;
דו האָסט געהאַרגעט אין טאָג פון דיין צאָרן,
דו האָסט געשאָכטן, האָסט דיך נישט דערבאַרעמט.

ת

כב דו האָסט גערופן, ווי אין אַ טאָג פון איינזאַמלונג,
מיינע שרעקן פון רונדאַרום;
און עס איז נישט געווען אין טאָג פון גאָטס צאָרן
קיין אַנטרונענער און איבערגעבליבענער;
די, וואָס איך האָב געווינדלט און דערצויגן,
האָט מיין פיינט פאַרלענדט.

---

# ג

א

א איך בין דער מענטש, וואָס האָט געזען פיין
דורך דער רוט פון זיין גרימצאָרן.
ב ער האָט מיך געפירט און געמאַכט גיין
אין פינסטערניש און — נישט אין ליכט.
ג נייערט קעגן מיר קערט ער זיך,
ער קערט זיין האַנט דעם גאַנצן טאָג.

ב

ד ער האָט אויסגעצערט מיין פלייש און מיין הויט,
ער האָט צעבראָכן מיינע ביינער.

# א י כ ה

ה עס האָט געבויט קעגן מיר און מיך אַרומגערינגלט
מיט גיפט און באַדריקונג.

ו אין פינסטערנישן האָט ער מיך אַוועקגעזעצט,
ווי די, וואָס זענען שוין לאַנג טויט.

ג

ז ער האָט מיך אַרומגעצאַמט, און איך
קאָן נישט אַרויסגיין,
ער האָט געמאַכט שווער מיין קופּערקייט.

ח אפילו אַז איך שריי און איך רוף הילף,
פאַרשפּאַרט ער מיין געבעט.

ט ער האָט פאַרצאַמט מיינע וועגן
מיט געהאַקטע שטיינער,
מיינע שטעגן האָט ער פאַרקרימט.

ד

י אַ בער, וואָס לאָקערט איז ער מיר,
אַ לייב אין פאַרבאָרגענישן.

יא ער האָט מיינע וועגן אָפּגעקערט,
און ער האָט מיך צעריסן,
ער האָט מיך געמאַכט וויסט.

יב ער האָט געשפּאַנט זיין בויגן,
און ער האָט מיך געשטעלט
ווי אַ ציל פאַר דער פייל.

ה

יג ער האָט געבראַכט אין מיינע נירן
די זין פון זיין פיילשייד.

יד איך בין געוואָרן אַ געשפעט פאַר מיין גאַנצן פאָלק,
דייער שפּאָטליד — דעם גאַנצן טאָג.

טו ער האָט מיך געזעטיקט מיט ביטערניש,
ער האָט מיך אָנגעטרונקען מיט ווערמוט.

ו

טז און ער האָט צעבראָכן מיינע ציין מיט קיזלשטיינער,
ער האָט מיך געוואַלגערט אין אַש.

יז און פאַרלאָזן פון פרידן איז מיין זעל,
איך האָב פאַרגעסן אָן גוטסקייט.

יח און איך האָב געזאָגט: פאַרלוירן איז מיין שטאַרקייט
און מיין האָפענונג פון גאָט.

ז

יט געדענק מיין פּיין און מיין וואָגלעניש,
די ווערמוט און גיפט;

כ געדענקען זאָלסטו געדענקען,
אַז סע בייגט זיך אין מיר מיין זעל.

כא דאָס וועל איך ענטפערן מיין האַרצן,
דעריבער טו איך האָפן:

ח

כב די חסדים פון גאָט, פאַרוואָר, זיי האָבן
זיך נישט אויסגעלאָזן,
פאַרוואָר, סע האָבן זיך נישט געענדיקט
זיינע דערבאַרעמדיקייטן.

כג זיי זענען ניי אין די פרימאָרגנס;
גרויס איז דיין געטריישאַפט.

כד גאָט איז מיין טייל, האָט געזאָגט מיין זעל,
דעריבער טו איך האָפן צו אים.

---

ט

כה גוט איז גאָט צו די, וואָס האָפן צו אים,
פאַר דער זעל, וואָס טוט אים פאָרשטן.

כו גוט איז, אַז מע זאָל האַרן אין שווייגן
אַף דער הילף פון גאָט.

כז גוט איז פאַר אַ מענטשן,
אַז ער זאָל טראָגן אַ יאָך אין זיין יוגנט.

י

כח לאָז ער זיצן איינזאַם און שווייגן,
ווען ער האָט אַרופגעלייגט אַף אים.

כט לאָז ער אַריינטון אין שטויב זיין מויל,
אפשר איז פאַראַן אַ האָפענונג;

ל לאָז ער געבן דעם, וואָס שלאָגט אים, די קינבאַק,
לאָז ער זיך אָנזעטיקן מיט שאַנד.

כ

לא וואָרן נישט אַף אייביק
פאַרלאָזט גאָט.

לב אפילו אַז ער מאַכט טרויעריק,
וועט ער זיך אָבער דערבאַרעמען
לויט זיינע גרויסע חסדים.

# א י כ ה

לג וואָרן נישט פון זיין האַרצן פייניקט ער
און פאַרטרויערט די מענטשנקינדער.

ל

לד צו צעשטויסן אונטער זיינע פיס
אַלע געפאַנגענע פון דער ערד,

לה צו פאַרנייגן דעם משפט פון אַ מענטשן
קעגן דעם פנים פון דעם אייבערשטן,

לו צו פאַרקרימען אַ מענטשן אין זיין קריג —
וויל גאָט נישט זען.

מ

לז ווער איז דער, וואָס האָט געזאָגט, און עס איז געוואָרן,
ווען גאָט האָט עס נישט געבאָטן?

לח גייט נישט אַרויס פון דעם מויל פון דעם אייבערשטן
דאָס שלעכטע און דאָס גוטע?

לט וואָס קאָן זיך באַקלאָגן אַ לעבעדיקער מענטש,
אַ שטאַרקער מענטש — פונוועגן זיינע זינד?

נ

מ לאָמיר נאָכזוכן אונזערע וועגן און נאָכפאָרשטן,
און לאָמיר זיך אומקערן צו גאָט.

מא לאָמיר אופהייבן אונזער האַרץ אַף די הענט
צו גאָט אין הימל.

מב מ י ר האָבן פאַרבראָכן און האָבן
ווידערגעשפעניקט, —
ד ו האָסט נישט פאַרגעבן.

# א י כ ה

ס

מג דו האָסט דיך באַדעקט מיט צאָרן
און דו האָסט אונז נאָכגעיאָגט,
דו האָסט געהאַרגעט, — דו האָסט דיך
נישט דערבאַרעמט;

מד דו האָסט דיך באַדעקט מיט אַ וואָלקן,
אַז קיין געבעט זאָל נישט דערגרייכן.

מה אָפּפאַל און אָפּשיילעכקייט האָסטו אונז געמאַכט
צווישן די פעלקער.

פ

מו סע האָבן געעפנט אַף אונז זייער מויל
אַלע אונזערע פיינט.

מז אַ גרויל און אַ גרוב איז געקומען אַף אונז,
די פאַרוויסטונג און דער בראָך.

מח בעכן וואַסער נידערט אַראָפּ מיין אויג
אַף דעם בראָך פון דער טאָכטער פון מיין פאָלק.

ע

מט מיין אויג גיסט זיך, און טוט זיך נישט שטילן,
אָן אַן אופהער,

נ ביז גאָט וועט אַראָפּקוקן
און זען פון הימל.

נא מיין אויג טוט מיר רירן מיין זעל
פונוועגן אַלע טעכטער פון מיין שטאָט.

---

# א י כ ה

צ

נב יאָגן האָבן מיך געטון יאָגן ווי אַ פויגל,
זיי, וואָס זענען אומזיסט מיינע פיינט.

נג זיי האָבן פאַרשניטן מיין לעבן אין גרוב,
און זיי האָבן געוואָרפן אַ שטיין איבער מיר.

נד געפלייצט האָבן וואַסערן איבער מיין קאָפ;
איך האָב געזאָגט: איך בין פאַרשניטן.

ק

נה איך האָב גערופן דיין נאָמען, גאָט,
פון דעם נידעריקסטן גרוב.

נו דו האָסט געהערט מיין קול,
פאַרהויל נישט דיין אויער פון מיין זיפצן,
פון מיין שרייען.

נז דו האָסט גענעענט אין דעם טאָג,
ווען איך האָב דיך גערופן;
דו האָסט געזאָגט: האָב נישט קיין מורא.

ר

נח דו האָסט געקריגט, גאָט, די קריגן פון מיין זעל;
דו האָסט אויסגעלייזט מיין לעבן.

נט דו האָסט געזען, גאָט, מיין פאַרקרימונג,
משפט דו מיין משפט.

ס דו האָסט געזען זייער גאַנצע נקמה,
אַלע זייערע טראַכטענישן אַף מיר.

# איכה

ש

סא דו האָסט געהערט זייער לעסטערונג, גאָט,
אַלע זייערע טראַכטעניש ן קעגן מיר.

סב די לעפצן פון די, וואָס שטייען אויף
אַף מיר, און זייער מורמלען,
איז קעגן מיר דעם גאַנצן טאָג.

סג זייער זעצן זיך און זייער אופשטיין, זע דו,
איך בין זייער שפּאָטליד.

ת

סד דו זאָלסט זיי פאַרגעלטן, גאָט,
לויט די מעשים פון זייערע הענט.

סה דו זאָלסט זיי געבן אַ פאַרהאַרטונג פון האַרץ,
דיין קללה אַף זיי.

סו דו זאָלסט נאָכיאָגן מיט צאָרן, און דו
זאָלסט זיי פאַרטיליקן
פון אונטער די הימלען פון גאָט.

---

# ד

א

א וויאַזוי איז געוואָרן טונקל דאָס גאָלד,
פאַרענדערט — דאָס פיינסטע גאָלד!
צעשאָטן זענען געוואָרן די הייליקע שטיינער
ביים אָנהייב פון אַלע גאַסן.

# איכה

ב

ב די קעסטלעכע זין פון ציון,
וואָס זענען געוואויגן געוואָרן מיט גינגאָלד,
וויאַזוי זענען זיי פאַררעכנט געוואָרן
פאַר ערדענע קרוגן,
די אַרבעט פון די הענט פון אַ טעפער.

ג

ג אפילו שאַקאַלן ציען אויס די ברוסט,
זיי זייגן אָן זייערע יונגע;
די טאָכטער פון מיין פאָלק איז געוואָרן גרויזאַם
ווי די שטרויסן אין מדבר.

ד

ד די צונג פון דעם זייגעוודיקן איז געוואָרן צוגעקלעפּט
צו זיין גומען פונוועגן דאָרשטיקייט;
קליינע קינדער האָבן באַגערט ברויט,
קיינער האָט עס זיי נישט אָפּגעבראָכן.

ה

ה די, וואָס האָבן געגעסן טייערע שפּייזן, —
זיי זענען געוואָרן פאַרוויסט אין די גאַסן;
די, וואָס זענען געוואָרן דערצויגן אין פורפּור, —
זיי האָבן געהאַלזט מיסטהויפנס.

ו

ו וואָרן די שולד פון דער טאָכטער
פון מיין פאָלק איז גרעסער
פון דער זינד פון סדום,
וואָס איז איבערגעקערט געוואָרן ווי אין אַ רגע,
און קיין הענט זענען נישט געפאַלן אַף איר.

# איכה

ז

ז אירע נזירים זענען געווען לויטערער פון שניי,
ווייסער פון מילך,
זיי זענען אַף דעם קערפּער געווען רויטער פון רובינען,
סאַפּיר זייער געשטאַלט.

ח

ח שוואַרצער פון שוואַרצקייט איז געוואָרן
זייער אויסזען, —
זיי זענען נישט צו דערקענען אין די גאַסן ;
איינגעשרומפּן איז זייער הויט אַף זייערע ביינער,
זי איז איינגעטריקנט, זי איז געוואָרן ווי האָלץ.

ט

ט בעסער איז געווען די, וואָס זענען
דערשלאָגן געוואָרן פון שווערד,
פון די דערשלאָגענע פון הונגער,
וואָס זיי זענען אויסגעגאַנגען דורכגעשטאָכענע
פון נאָך פּרוכטן פון פעלד.

י

י די הענט פון די באַרעמהאַרציקע ווייבער
האָבן געקאָכט זייערע קינדער ;
זיי זענען געווען פאַר זיי אַ נאַרונג
אין דעם בראָך פון דער טאָכטער פון מיין פאָלק.

---

כ

יא גאָט האָט אויסגעלאָזט זיין צאָרן,
ער האָט אויסגעגאָסן זיין גרימצאָרן ;
און ער האָט אָנגעצונדן אַ פייער אין ציון,
און עס האָט פאַרצערט אירע גרונטפעסטן.

# א י כ ה

ל

יב סע האָבן נישט געגלייבט די מלכים פון דער ערד,
און אַלע באַוואוינער פון דער וועלט,
אַז סע וועט קומען אַ באַדרענגער און אַ פיינט
אין די טויערן פון ירושלים, —

מ

יג פונוועגן די זינד פון אירע נביאים,
די שולדיקייטן פון אירע כּוהנים,
וואָס האָבן פאַרגאָסן אין איר
בלוט פון צדיקים.

נ

יד זיי האָבן אַרומגעוואָגלט בלינדע אין די גאַסן,
זיי זענען געווען פאַראומרייניקט אין בלוט,
אַזוי, אַז מען קאָן נישט
אָנרירן זיך אין זייערע קליידער.

ס

טו קערט אייך אָפּ! טמא! האָט מען גערופן צו זיי;
קערט אייך אָפּ, קערט אייך אָפּ! רירט נישט אָן!
אַז זיי זענען אַוועקגעפלויגן און האָבן אַרומגעוואָגלט,
האָט מען געזאָגט צווישן די פעלקער:
זיי טאָרן דאָ מער נישט וואוינען.

פּ

טז דער צאָרן פון גאָט האָט זיי צעטיילט,
ער וויל זיי מער נישט אָנקוקן;
דאָס פּנים פון כּוהנים האָט מען נישט געאַכפּערט,
און קיין זקנים האָט מען נישט געלייטזעליקט.

---

# א י כ ה

ע

יז נאָך לאָזן זיך אונז אויס אונזערע אויגן
נאָך אונזער נישטיקער הילף;
אין אונזער אויסקוקן האָבן מיר אויסגעקוקט
אַף אַ פֿאָלק, וואָס קאָן נישט העלפֿן.

צ

יח זיי האָבן נאָכגעיאָגט אונזערע טריט
אַז מיר קענען נישט גיין אין אונזערע גאַסן;
סע האָט גענעענט אונזער סוף, אונזערע טעג
זענען פֿאַרפֿול;
פֿאַרוואָר, געקומען איז אונזער סוף.

ק

יט גרינגער זענען זיי געווען, אונזערע נאָכיאָגער,
פֿון די אָדלערס אין הימל;
אַף די בערג האָבן זיי אונז געיאָגט,
אין דער מדבר האָבן זיי געלאָקערט אַף אונז.

ר

כ דער אָטעם פֿון אונזער נאָז, דער געזאַלבטער פֿון גאָט,
איז געפֿאַנגען געוואָרן אין זייערע גריבער;
אַף וועמען מיר האָבן געזאָגט:
אין זיין שאָטן וועלן מיר לעבן צווישן די פֿעלקער.

ש

כא זיי פֿריילעך און זיי לוסטיק, טאָכטער פֿון אדום,
וואָס דו זיצסט אין דעם לאַנד עוץ:
אויך איבער דיר וועט אַריבערגיין דער כּוס,
דו וועסט ווערן שיכּור און וועסט דיך אָפּדעקן.

ת

כב דיין שולד האָט זיך אויסגעלאָזט, טאָכטער פון ציון,
ער וועט דיך מער נישט פאַרטרייבן.
ער וועט דערמאָנען דיין שולד, טאָכטער פון אדום,
ער וועט אַנטפּלעקן דיינע זינד.

---

# ה

א גדענק, גאָט, וואָס עס איז געשען מיט אונז,
קוק און זע אונזער שאַנד.

ב אונזער אַרבטייל איז אַוועקגעקערט
געוואָרן פאַר פרעמדע,
אונזערע הייזער — פאַר נכרים.

ג יתומים זענען מיר געוואָרן, און
עס איז נישטאָ קיין פאָטער,
אונזערע מוטערס זענען ווי אַלמנות.

ד אונזער וואַסער האָבן מיר געטרונקען פאַר געלט,
אונזער האָלץ קומט אונז אָן פאַר באַצאָלטס.

ה איבער אונזערע נאַקנס זענען מיר געיאָגט געוואָרן;
מיר זענען מיד, און מע לאָזט אונז נישט רוען.

ו מצרים האָבן מיר געגעבן אונזער האַנט,
אַשור — צו זעטיקן זיך מיט ברויט.

ז אונזערע פאָטערס האָבן געזינדיקט, און זענען נישטאָ,
און מיר האָבן געטראָגן זייערע שולדיקייטן.

# איכה

ח קנעכט געוועלטיקן איבער אונז;
נישטאָ ווער עס זאָל אויסלייזן פון זייער האַנט.

ט מיט אונזער לעבן ברענגען מיר אונזער ברויט,
פונוועגן דער שווערד פון דער מדבר.

י אונזער הויט איז געוואָרן דערהיצט ווי אַן אויוון,
פונוועגן די ברענונגען פון הונגער.

יא ווייבער אין ציון געפּייניקט,
יונגפרויען — אין די שטעט פון יהודה.

יב האַרן זענען געהאַנגען געוואָרן דורך זייער האַנט,
דאָס פּנים פון זקנים איז נישט פאַרשיינט געוואָרן.

יג בחורים האָבן די מיל געטראָגן,
און יינגלעך זענען געשטרויכלט
געוואָרן אונטער האָלץ.

יד זקנים זענען פאַרשטערט געוואָרן פון דעם טויער,
בחורים — פון זייער געזאַנג.

טו פאַרשטערט געוואָרן איז די פרייד פון אונזער האַרצן;
אונזער טאַנץ איז פאַרקערט געוואָרן אַף טרויער.

טז געפאַלן איז די קרוין פון אונזער קאָפּ;
וויי איז צו אונז, וואָרן מיר האָבן געזינדיקט.

---

יז איבערדעם איז געוואָרן קראַנק אונזער האַרץ,
דעריבער זענען געוואָרן פינסטער אונזערע אויגן;

# איכה

יח איבער דעם באַרג ציון, וואָס איז געוואָרן פאַרוויסט, —
פוקסן גייען אום אַף אים.

---

יט דו, גאָט, זיצסט אַף אייביק,
דיין שטול איז אַף דור־דורות.

כ פאַרוואָס טוסטו אונז אַף אייביק פאַרגעסן,
טוסט אונז פאַרלאָזן אַף לאַנגע טעג ?

כא קער אונז אום, גאָט, צו דיר, און מיר וועלן זיך אומקערן ;
באַניי אונזערע טעג ווי אַמאָל.

כב וואָרן אויב פאַראַכטן האָסטו אונז פאַראַכט, —
האָסטו געצערנט אַף אונז זייער שטאַרק.

---

קער אונז אום, גאָט, צו דיר, און מיר וועלן זיך אומקערן ;
באַניי אונזערע טעג ווי אַמאָל.



# קהלת

## א

א די רייד פון קהלת, דעם זון פון דוד, מלך אין ירושלים.

---

ב נישטיקייט פון נישטיקייטן, האָט געזאָגט קהלת,
נישטיקייט פון נישטיקייטן, אַלץ איז נישטיקייט.

ג וואָס קומט אַרויס דעם מענטשן מיט זיין גאַנצער מי,
וואָס ער טוט זיך מיען אונטער דער זון?

ד אַ דור גייט, און אַ דור קומט,
און די ערד באַשטייט אַף אייביק.

ה און די זון שיינט אוף, און די זון גייט אונטער,
און זי איילט זיך צו איר אָרט, וואו זי שיינט אוף.

ו ער גייט קיין דרום,
און ער קערט זיך קיין צפון;
רונדאַרום, רונדאַרום גייט דער ווינט,
און איבער זיינע קרייזן קערט זיך אום דער ווינט.

ז אַלע באַכן גייען אין ים אַריין,
און דער ים איז נישט פול;
צו דעם אָרט, וואוהין די באַכן גייען,
אַהין קערן זיי זיך אום אין גיין.

# קהלת

ח אַלע זאַכן ווערן מיד;
סע קאָן קיין מענטש נישט אויסדערציילן,
סע ווערט נישט זאַט קיין אויג צו זען,
און סע ווערט נישט פול קיין אויער פון הערן.

ט וואָס עס איז געווען — איז דאָס, וואָס סע וועט זיין,
און וואָס עס איז געטון געוואָרן — איז דאָס,
וואָס סע וועט געטון ווערן;
און עס איז גאָרנישט ניט ניי אונטער דער זון.

י פאַראַן אַ זאַך אַף וואָס מע זאָגט:
זע דאָס, דאָס איז ניי!
— עס איז שוין לאַנג געווען, אין די צייטן,
וואָס זענען געווען פאַר אונז.

יא עס איז נישטאָ קיין געדעכעניש פון די ערשטע;
און אויך פון די שפּעטערדיקע, וואָס וועלן זיין,
וועט נישט זיין פון זיי קיין געדעכעניש
ביי די, וואָס וועלן זיין נאָך שפּעטער.

---

יב איך, קהלת, בין געווען מלך איבער ישראל
אין ירושלים.

יג און איך האָב אָפּגעגעבן מיין האַרץ צו פאָרשטן און
אויסצולוגן דורך חכמה
פונוועגן אַלץ, וואָס סע ווערט געטון
אונטער דעם הימל;
דאָס איז אַ שלעכטער ענין, וואָס גאָט האָט געגעבן
די מענטשנקינדער צו פּלאָגן זיך מיט דעם.

יד איך האָב געזען די אַלע טואונגען, וואָס ווערן
געטון אונטער דער זון;
און זע, אַלץ איז נישטיקייט און אַ יאָגן זיך נאָך ווינט;

טו אַזאַ קרומקייט קאָן נישט געמאַכט ווערן גלייך;
און אַזאַ מינערונג קאָן נישט געציילט ווערן.

טז איך האָב מיר גערעדט מיט מיין האַרץ, אַזוי צו זאָגן:
זע, איך האָב מיר געגרייסט און מיר אָנגעזאַמלט חכמה
מער פון יעדן, וואָס איז געווען פאַר מיר איבער
ירושלים;
און מיין האַרץ האָט געזען אַסך חכמה און ויסן.

יז און איך האָב אָפּגעגעבן מיין האַרץ צו פאַרשטיין חכמה,
און פאַרשטיין משוגעת און נאַרישקייט, —
האָב איך באַנומען, אַז אויך דאָס — דאָס איז אַ יאָגן
זיך נאָך ווינט.

יח וואָרן אין אַסך חכמה — איז אַסך פאַרדראָס;
און ווער סע מערט ויסן — מערט ווייטיק.

---

# ב

א איך האָב מיר געזאָגט אין מיין האַרצן: קום דאָך,
איך וועל דיך פּריוון מיט פרייד, און דו זאָלסט זען גוטס;
און זע, אויך דאָס איז געווען נישטיקייט.

ב אַף געלעכטער האָב איך געזאָגט: משוגעת!
און אַף פרייד: וואָס טוט זי אוף?

# קהלת

ג איך האָב אויסגעלוגט אין מיין האַרצן, מיין לייב מיט
ווייַן צו פאַרציען, און — מיין האַרץ פירנדיק זיך
מיט חכמה —
ווי צו האַלטן זיך אָן נאַרישקייט, ביז איך וועל זען
וואָס עס איז דאָס בעסערע פאַר די מענטשנקינדער,
אַז זיי זאָלן טון אונטער דעם הימל
די געציילטע טעג פון זייער לעבן.

ד איך האָב מיר געטון גרויסע טואונגען:
איך האָב מיר געבויט הייזער,
איך האָב מיר געפלאַנצט ווייַנגערטנער;

ה איך האָב מיר געמאַכט גערטנער און פאַרקן,
און איך האָב געפלאַנצט אין זיי ביימער
פון אַלערליי פירות;

ו איך האָב מיר געמאַכט טייכן וואַסער,
אָנצוטרינקען פון זיי דעם וואַלד מיט
שפּראָצנדיקע ביימער;

ז איך האָב געקויפט קנעכט און דינסטן,
און לייבאייגענע האָב איך מיר געהאַט;
אויך אַסך הערטן רינדער און שאָף האָב איך געהאַט,
מער פון אַלע,
וואָס זענען געווען פאַר מיר אין ירושלים.

ח איך האָב מיר אָנגעזאַמלט אויך זילבער און גאָלד,
און אוצרות פון מלכים און די מדינות;
איך האָב מיר איינגעשאַפט זינגער און זינגערנס,

און די פאַרגעניגנס פון די מענטשנקינדער —
ווייב און ווייבער.

ט און איך בין געווען גרויס, און איך האָב אָנגעזאַמלט
מער פון יעדן, וואָס איז געווען פאַר מיר אין ירושלים;
אויך מיין חכמה איז מיר בייגעשטאַנען.

י און אַלץ, וואָס מיינע אויגן האָבן פאַרלאַנגט, האָב
איך פון זיי נישט צוריקגעהאַלטן;
איך האָב נישט פאַרמיטן מיין האַרץ פון קיין
שום פרייד;
וואָרן מיין האַרץ האָט זיך געפרייט פון מיין
גאַנצער מי;
און דאָס איז געווען מיין חלק פון מיין גאַנצער מי.

יא און איך האָב מיך אומגעקוקט אַף אַלע מיינע טואונגען,
וואָס סע האָבן געטון מיינע הענט,
און אַף דער מי, וואָס איך האָב מיך געמיט צו טון;
און זע, אַלץ איז נישטיקייט און אַ יאָגן זיך נאָך ווינט,
און סע קומט גאָרנישט ניט אַרויס אונטער דער זון.

---

יב און איך האָב מיך געקערט צו באַקוקן חכמה,
און משוגעת און נאַרישקייט;
וואָרן וואָס קאָן טון דער מענטש, וואָס
קומט נאָך דעם מלך? —
דאָס, וואָס מע האָט שוין לאַנג געטון.

יג איך האָב איינגעזען, אַז חכמה שטייגט
איבער די נאַרישקייט,
ווי דאָס ליכט שטייגט איבער די פינסטערניש.

# קהלת

יד דער חכם — זיינע אויגן זענען אין זיין קאָפּ,
און דער נאַר — ער גייט אין פינסטערניש.
און איך אַליין האָב אויך באַנומען,
אַז איין טרעפעניש טוט זיי אַלעמען טרעפן.

טו און איך האָב מיר געזאָגט אין מיין האַרצן:
ווי סע טוט טרעפן דעם נאַר — וועט עס אויך
מיך אַליין טרעפן;
און צו וואָס האָב איך מיך געקליגט דעמאָלט מער? —
און איך האָב גערעדט אין מיין האַרצן,
אַז אויך דאָס איז נישטיקייט.

טז וואָרן עס איז נישטאָ קיין געדעכעניש אַף אייביק
פון דעם חכם מיט דעם נאַר;
וואָרן אין די טעג, וואָס קומען, וועט אַלץ שוין לאַנג
זיין פאַרגעסן.
און ווי מוז שטאַרבן דער חכם צוזאַמען מיט דעם נאַר!

יז און איך האָב פיינט געקריגן דאָס לעבן,
וואָרן שמערצלעך איז מיר געווען די טואונג, וואָס
ווערט געטון אונטער דער זון;
וואָרן אַלץ איז נישטיקייט און אַ יאָגן זיך נאָך ווינט.

---

יח און איך אַליין האָב פיינט געקריגן די גאַנצע מי מיינע
אַף וואָס איך האָב מיך געמיט אונטער דער זון;
וואָרן איך מוז דאָס איבערלאָזן דעם מענטשן,
וואָס וועט זיין נאָך מיר.

## קהלת

יט אוּן ווער ווייסט, צי ער וועט זײַן אַ חכם, אָדער אַ נאַר?
אוּן ער וועט געוועלטיקן איבער מײַן גאַנצער מי
אַף וואָס איך האָב מיך געמיט, אוּן אַף וואָס איך
האָב מיך געקליגט אונטער דער זון.
אויך דאָס איז נישטיקייט.

כ אוּן איך האָב מיך אַוועקגעקערט צו לאָזן מיאש זײַן
מײַן האַרץ אַף דער גאַנצער מי
אַף וואָס איך האָב מיך געמיט אונטער דער זון.

כא וואָרן פאַראַן אַ מענטש, וואָס זײַן מי איז מיט חכמה
אוּן מיט וויסן אוּן מיט געניטקייט;
אוּן אַ מענטשן, וואָס האָט זיך נישט געמיט אַף דעם,
וועט ער דאָס געבן אַף זײַן חלק.
אויך דאָס איז נישטיקייט אוּן אַ גרויס שלעכטס.

כב וואָרן וואָס האָט דער מענטש מיט זײַן גאַנצער מי,
אוּן מיט דעם באַשטרעבן פון זײַן האַרצן,
וואָס ער האָט זיך געמיט אונטער דער זון?

כג וואָרן אַלע זײַנע טעג זענען ווייטיקן, אוּן פאַרדראָס
— זײַן באַשעפטיקונג;
אַפילו בײַנאַכט רוט נישט אײַן זײַן האַרץ.
אויך דאָס, נישטיקייט איז דאָס.

---

כד נישטאָ קיין בעסערס פאַר אַ מענטשן ווי, אַז ער זאָל
עסן אוּן טרינקען,
אוּן לאָזן וואוילגיין זײַן זעל אין זײַן מי.
אויך דאָס האָב איך אַליין געזען, אַז דאָס איז פון דער
האַנט פון גאָט.

כה וואָרן ווער וועט עסן, און ווער וועט הנאה האָבן,
אַחוץ מיר?

כו וואָרן דעם מענטשן, וואָס ווערט וואוילגעפעלן
פאַר זיין אָנגעזיכט,
גיט ער חכמה און פרייד;
און דעם זינדיקן — גיט ער באַשעפטיקונג צו
זאַמלען און אָנצוהויפן,
צו געבן דעם, וואָס איז גוט פאַר דעם
אָנגעזיכט פון גאָט.
אויך דאָס איז נישטיקייט און אַ יאָגן זיך נאָך ווינט.

---

# ג

א אַף אַלץ איז אַ צייט,
און אַ שעה אַף יעדער זאַך אונטער דעם הימל:

ב אַ צייט אַף געבוירן צו ווערן, און אַ צייט אַף צו שטאַרבן;
אַ צייט אַף צו פלאַנצן, און אַ צייט אַף אויסצורייסן
דאָס געפלאַנצטע.

ג אַ צייט אַף צו נהרגן, און אַ צייט אַף צו היילן;
אַ צייט אַף איינצורייסן, און אַ צייט אַף צו בויען.

ד אַ צייט אַף צו וויינען, און אַ צייט אַף צו לאַכן;
אַ צייט אַף צו קלאָגן, און אַ צייט אַף צו טאַנצן.

ה אַ צייט אַף אַוועקצוואַרפן שטיינער, און אַ צייט
אַף צונויפצוזאַמלען שטיינער;

# קהלת

אַ צייט אַף צו האַלדזן, און אַ צייט אַף צו דערווייטערן
זיך פון האַלדזן.

ו אַ צייט אַף צו זוכן, און אַ צייט אַף צו פאַרלירן;
אַ צייט אַף צו היטן, און אַ צייט אַף אַוועקצוואַרפן.

ז אַ צייט אַף צו צערייסן, און אַ צייט אַף צו נייען;
אַ צייט אַף צו שווייגן, און אַ צייט אַף צו רעדן.

ח אַ צייט אַף ליב צו האָבן, און אַ צייט אַף פיינט צו האָבן;
אַ צייט פון מלחמה, און אַ צייט פון שלום.

---

ט וואָס קומט אַרויס דעם טוער מיט דעם, וואָס
ער מיט זיך?

י איך האָב געזען די באַשעפטיקונג, וואָס גאָט האָט
געגעבן די מענטשנקינדער צו פּלאָגן זיך מיט דעם.

יא ער האָט אַלץ געמאַכט שיין אין זיין צייט;
אויך די וועלט האָט ער געגעבן אין זייער האַרצן,
דאָך אַזוי, אַז דער מענטש זאָל נישט קענען
אויסגעפינען די טואונג,
וואָס גאָט האָט געטון, פון דעם אָנהייב ביז דעם סוף.

יב איך פאַרשטיי, אַז ס׳איז נישטאָ קיין בעסערס פאַר זיי,
נייערט נאָר צו פרייען זיך און צו טון גוטס אין
זייער לעבן.

יג און אויך, וואָס יעדער מענטש זאָל עסן און טרינקען,
און זען גוטס אין זיין גאַנצער מי —
דאָס איז אַ מתנה פון גאָט.

יד איך ווייס, אַז אַלץ, וואָס גאָט טוט, דאָס וועט
זיין אַף אייביק;
אַף דעם איז נישט צו מערן, און פון דעם איז
נישט צו מינערן;
און גאָט האָט געטון, כּדי מע זאָל מורא האָבן פאַר אים.

טו דאָס, וואָס עס איז געווען — דאָס איז שוין לאַנג,
און וואָס סע וועט דאַרפן זיין — איז שוין לאַנג געווען;
און גאָט זוכט דאָס געיאָגטע.

טז און מער נאָך האָב איך געזען אונטער דער זון:
דאָס אָרט פון משפּט — דאָרט איז די רשעות,
און דאָס אָרט פון גערעכטיקייט — דאָרט איז די רשעות.

יז איך האָב מיר געזאָגט אין מיין האַרצן:
דעם צדיק און דעם רשע — וועט גאָט משפּטן;
וואָרן עס איז דאָ דאָרט אַ צייט אַף יעדן באַגער
און אַף יעדער טואונג.

יח איך האָב מיר געזאָגט אין מיין האַרצן:
עס איז פונוועגן די מענטשנקינדער, כּדי גאָט
זאָל זיי לייטערן,
און זאָלן זען, אַז זיי זענען פי, זיי אַליין.

יט וואָרן די טרעפעניש פון די מענטשנקינדער,
און די טרעפעניש פון דער בהמה —
נאָר איין טרעפעניש פאַר זיי:
ווי סע שטאַרבט דער, אַזוי שטאַרבט דער;
און איין אָטעם האָבן אַלע;

און דער פֿאָרצוג פֿון דעם מענטשן איבער
דער בהמה איז גאָרנישט ניט;
וואָרן אַלץ איז נישטיקייט.

כ אַלץ טוט גיין אין איין אָרט:
אַלץ איז געוואָרן פֿון דעם שטויב,
און אַלץ קערט זיך אום צו דעם שטויב.

כא ווער פֿאַרשטייט דעם גייסט פֿון די מענטשנקינדער,
צי טוט ער אַרופֿגיין אויבן־אַרויף,
און דעם גייסט פֿון דער בהמה,
צי טוט ער אַראָפּנידערן אונטן־אַראָפּ צו דער ערד?

כב און איך האָב איינגעזען, אַז ס׳איז נישטאָ קיין בעסערס,
ווי אַז דער מענטש זאָל זיך פֿרייען מיט זיינע טואונגען,
וואָרן דאָס איז זיין חלק;
וואָרן ווער וועט אים ברענגען צו זען
דאָס, וואָס סע וועט זיין נאָך אים?

---

# ד

א און איך האָב מיך אומגעקערט און האָב געזען די אַלע
באַדריקונגען, וואָס ווערן אָפּגעטון אונטער דער זון;
און זע — די טרערן פֿון די באַדריקטע,
און נישטאָ פֿאַר זיי קיין טרייסטער;
און אַף דער זייט פֿון זייערע באַדריקער איז מאַכט,
און נישטאָ פֿאַר זיי קיין טרייסטער.

ב און איך האָב געלויבט די טויטע, וואָס זענען
שוין לאַנג געשטאָרבן,
מער פון די לעבעדיקע, וואָס זיי לעבן נאָך.

ג און בעסער פון זיי ביידן איז דעם, וואָס איז נאָך
גאָר נישט געווען,
וואָס האָט נישט געזען די שלעכטע טואונג,
וואָס ווערט געטון אונטער דער זון.

ד און איך האָב געזען די גאַנצע מי און די גאַנצע
געניטקייט פון דער טואונג,
אַז דאָס איז די קנאה פון מענטש צו מענטש.
אויך דאָס איז נישטיקייט און אַ יאָגן זיך נאָך ווינט.

ה דער נאַר פאַרלייגט זיינע הענט,
און טוט עסן זיין אייגן פלייש.

ו בעסער אַ פולע האַנט רו,
איידער פולע הויפנס מי, און אַ יאָגן זיך נאָך ווינט.

---

ז און איך האָב מיך אומגעקערט און האָב געזען
נישטיקייט אונטער דער זון:

ח פאַראַן איינער, און אָן אַ צווייטן;
אויך קיין זון און קיין ברודער האָט ער נישט;
דאָך נעמט נישט קיין סוף צו זיין גאַנצער מי,
אויך עשירות זעטיקט נישט זיין אויג:
און פאַר וועמען מי איך מיך, און מינער די זעל
מיינע פון גוטס?

אויך דאָס איז נישטיקייט און אַ שלעכטער
ענין איז דאָס.

ט בעסער צוויי איידער איינער;
מחמת פאַראַן פאַר זיי אַ גוטער לוין אין זייער מי.

י וואָרן אויב זיי פאַלן, וועט איינער אופהייבן זיין חבר;
אָבער ווי צו אים, דעם איינציקן, אַז ער פאַלט,
און האָט נישט קיין צווייטן אים אופצוהייבן.

יא אויך, אויב צוויי ליגן צוזאַמען, וועט זיי זיין וואַרעם;
אָבער דעם איינציקן — וויאַזוי זאָל זיין וואַרעם?

יב און אויב מע וועט זיך שטאַרקן איבער איינעם —
וועלן צוויי זיך שטעלן אים אַנטקעגן;
און דער דרייפאַכער פאָדים ווערט אַזוי גיך
נישט צעריסן.

---

יג בעסער אַן אָרים קינד און אַ קלוגס,
איידער אַן אַלטער מלך און אַ נאַר,
וואָס ער פאַרשטייט נישט מער צו לאָזן זיך וואָרענען.

יד וואָרן פון דעם געפענגעניש איז ער אַרויסגעקומען
צו קיניגן;
פאַרוואָר, אפילו אין זיין מלוכה איז ער געבוירן
געוואָרן אָרים.

טו איך האָב געזען די אַלע לעבעדיקע, וואָס גייען
אַרום אונטער דער זון,
מיט דעם קינד, דעם צווייטן, וואָס איז
אופגעשטאַנען שטאָט אים.

טז ניטאָ קיין סוף צו דעם גאַנצן פֿאָלק,
צו אַלע, וואָס ער איז געווען פֿאָרויס פֿאַר זיי;
דאָך די שפּעטערדיקע, זיי וועלן זיך ניט
פֿרייען מיט אים.
פֿאַרוואָר, אויך דאָס איז נישטיקייט און אַ יאָגן
זיך נאָך ווינט.

---

יז היט דיין פוס, בעת דו גייסט צו דעם הויז פֿון גאָט,
און דערנענטער דיך צו הערן,
עס איז בעסער, ווי אַז די נאַראָנים גיבן שעכט־אָפּער;
זיי פֿאַרשטייען ניט אַפֿילו צו טון שלעכטס.

# ה

א זיי ניט געאײַלט מיט דיין מויל, און לאָז דיין האַרץ
ניט זיין האַסטיק
אַרויסצוברענגען אַ וואָרט פֿאַר גאָט;
וואָרן גאָט איז אין הימל, און דו — אויף דער ערד;
דעריבער לאָזן דיינע רייד זיין ווינציק.

ב וואָרן דער חלום קומט דורך אַסך באַשעפטיקונג;
און דאָס קול פֿון אַ נאַר — דורך אַסך רייד.

ג אַז דו ביסט מנדר אַ נדר צו גאָט —
פֿאַרזאַם ניט אים צו באַצאָלן;
וואָרן ער האָט ניט קיין באַגער אין נאַראָנים;
דאָס, וואָס דו ביסט מנדר — באַצאָל.

# קהלת

ד בעסער, אַז דו זאָלסט נישט מנדר זיין,
אײדער, אַז דו זאָלסט מנדר זיין, און נישט באַצאָלן.

ה דערלאָז נישט, דאָס מויל דיינס זאָל מאַכן
זינדיק דיין לייב;
און דו זאָלסט נישט זאָגן פאַר דעם שליח, אַז דאָס
איז געווען אַ טעות,
פאַרוואָס זאָל גאָט צערענען אַף דיין קול,
און פאַרדאַרבן די טואונג פון דיינע הענט?

ו פאַרוואָר, אין צופיל — זענען חלומות, און נישטיקייטן
און רייד אַסך;
נייערט נאָר פאַר גאָט האָב מורא.

ז אויב דו זעסט דאָס באַדריקן פון אָרימאַן,
און דאָס באַרויבן פון משפט און גערעכטיקייט
אין אַ לאַנד —
וואונדער דיך נישט אַף דער זאַך;
וואָרן אַ העכערער פון דעם הויכן טוט היטן,
און פאַראַן העכערע איבער זיי.

ח און דער געווין פון אַ לאַנד אין אַלץ איז דאָס:
אַ מלך פאַרקנעכט צו דעם פעלד.

---

ט ווער סע האָט ליב זילבער — וועט נישט גוזעטיקט
ווערן פון זילבער;
און דער, וואָס האָט ליב עשירות — נישט מיט
קיין צו־וואוקס;
אויך דאָס איז נישטיקייט.

# קהלת

י מיט דעם פֿאַרמערן זיך פֿון דעם גוטס — ווערן
פֿאַרמערט זיינע פֿאַרצערער;
און וואָסער געווינס האָט דער באַלעבאָס פֿון דעם,
חוץ נאָר — דאָס באַקוקן מיט זיינע אויגן?

---

יא זיס איז דער שלאָף פֿון דעם אַרבעטאָרער, צי ער
טוט עסן אַביסל, אָדער אַסך;
אָבער די איבערגעזעטיקטקייט פֿון דעם עושר — לאָזט
אים נישט שלאָפֿן.

---

יב פֿאַראַן אַ שמערצלעך שלעכטס — איך האָב
געזען אונטער דער זון:
עשירות געהיט פֿון זיין באַלעבאָס — אים צו שאָדן.

יג און דאָסדאָזיקע עשירות ווערט פֿאַרלוירן אין אַ
שלעכטער באַשעפטיקונג;
אַז ער טוט געווינען אַ זון — האָט ער גאָרנישט
ניט אין זיין האַנט.

יד אַזוי ווי ער איז אַרויסגעקומען פֿון דעם לייב
פֿון זיין מוטער,
נאַקעט וועט ער זיך אומקערן צוריק ווי
ער איז געקומען;
און ער וועט גאָרנישט ניט אַוועקטראָגן פֿאַר זיין מי,
וואָס ער האָט מיט זיך געפירט אין זיין האַנט.

טו און אויך דאָס איז אַ שמערצלעך שלעכטס:
אַלץ גענוי ווי ער איז געקומען, אַזוי וועט ער גיין;

און וואָס קומט אים אַרויס, וואָס ער טוט זיך מיען
פאַר דעם ווינט?
טז אויך אַלע זיינע טעג טוט ער עסן אין פינסטערניש;
און האָט פאַרדראָס אַסך, און קרענקונג און צערענונג.
יז פאַרוואָר, וואָס איך האָב אַליין איינגעזען:
עס איז גוט, יאָ, עס איז שיין
צו עסן און צו טרינקען, און צו זען גוטס
אין זיין גאַנצער מי,
וואָס ער טוט זיך מיען אונטער דער זון
די געציילטע טעג פון זיין לעבן, וואָס גאָט
האָט אים געגעבן;
וואָרן דאָס איז זיין חלק.
יח אויך — יעדן מענטש, וואָס גאָט האָט אים געגעבן
עשירות און גיטער,
און ער האָט אים געמאַכט געוועלטיקן צו עסן פון דעם,
און צו נעמען זיין חלק, און צו פרייען זיך אין זיין מי: —
דאָס אַליין איז אַ מתּנה פון גאָט.
יט וואָרן נישט קיין סך, לאָז ער געדענקען, זענען
די טעג פון זיין לעבן;
וואָרן גאָט טוט ענטפערן אין דער פרייד פון זיין האַרץ.

# ו

א פאַראַן אַ שלעכטס, וואָס איך האָב געזען
אונטער דער זון,
און דאָס איז גרויס אַף דעם מענטשן:

# קהלת

ב אַ מענטש, וואָס גאָט גיט אים עשירות און גיטער
און כּבוד,
און אים פעלט גאָרנישט ניט פאַר זיין זעל פון אַלץ,
וואָס ער טוט גלוסטן,
נאָר גאָט גיט אים נישט קיין געוועלטיקונג
צו עסן פון דעם,
נייערט אַ פרעמדער מענטש טוט עס עסן;
דאָס איז נישטיקייט, און אַ בייזע קראַנקהייט איז דאָס.

ג אויב אַ מענטש זאָל געווינען הונדערט (קינדער),
און ער זאָל לעבן אַסך יאָרן,
און אַז אַסך וועלן זיין די טעג פון זיינע יאָרן,
נייערט זיין זעל האָט זיך נישט געזעטיקט
פון דעם גוטס,
און אויך קיין באַגרעבעניש האָט ער נישט געהאַט;
זאָג איך: בעסער איידער אים איז דעם מפּיל.

ד וואָרן אין נישטיקייט קומט עס, און אין פינסטערניש
גייט עס אַוועק.
און מיט פינסטערניש ווערט באַדעקט זיין נאָמען.

ה אויך די זון האָט עס נישט געזען און נישט געקענט;
דאָס האָט מער רו איידער דער.

ו און ווען ער וואָלט געלעבט טויזנט יאָר צווייְמאָל,
און קיין גוטס נישט געזען, —
פאַרוואָר, טוען אַלע נישט גיין אין איין אָרט?

---

ז די גאַנצע מי פון דעם מענטשן איז פאַר זיין מויל.
און דאָך ווערט די זעל נישט פאַרפול.

ח וואָרן וואָס קומט אַרויס דעם חכם מערער
איידער דעם נאַר?
וואָס — דעם אָרימאַן, וואָס פאַרשטייט אַרומצוגיין
פאַר די לעבעדיקע?

ט בעסער איז דאָס זען מיט די אויגן, איידער דאָס
וואָגלען פון דער זעל;
אויך דאָס איז נישטיקייט און אַ יאָגן זיך נאָך ווינט.

י וואָס עס איז געווען — שוין לאַנג איז זיין נאָמען
גערופן געוואָרן,
און עס איז פאָרויס באַשטימט געוואָרן וואָס דער
מענטש ווערט;
און ער קאָן נישט לאָדן זיך מיט דעם, וואָס איז
שטאַרקער פון אים.

יא פאַרוואָר, פאַראַן אַסך רייד, וואָס פאַרמערן נישטיקייט;
וואָס קומט אַרויס דעם מענטשן?

יב וואָרן ווער ווייסט וואָס עס איז גוט פאַר דעם מענטשן
אין לעבן, די געציילטע טעג פון זיין נישטיקן לעבן,
וואָס ער פאַרברענגט ווי אַ שאָטן?
ווייל ווער קאָן זאָגן דעם מענטשן, וואָס סע וועט
זיין נאָך אים אונטער דער זון?

# קהלת

## ז

א בעסער איז אַ שם, איידער גוטער אייל;
און דער טאָג פון טויט — איידער דער טאָג
פון איינעמס געבורט.

ב עס איז בעסער צו גיין אין אַ הויז פון טרויער,
איידער צו גיין אין אַ הויז פון אַ סעודה;
מחמת דאָס איז דער סוף פון יעדן מענטשן,
און דער לעבעדיקער זאָל זיך עס אַריינגעבן
אין זיין האַרצן.

ג בעסער איז פאַרדראָס, איידער געלעכטער;
וואָרן דורך דעם טרויער פון פּנים ווערט
בעסער דעם האַרצן.

ד דאָס האַרץ פון חכמים איז אין הויז פון טרויער;
און דאָס האַרץ פון נאַראָנים איז אין הויז פון פרייד.

ה עס איז בעסער צו הערן דאָס אָנשרייען פון אַ חכם,
איידער פאַר אַ מענטשן הערן דאָס געזאַנג פון נאַראָנים.

ו וואָרן ווי דאָס קנאַקן פון דערנער אונטער דעם טאָפּ,
אַזוי איז דאָס געלעכטער פון דעם נאַר.
און אויך דאָס איז נישטיקייט.

ז פאַרוואָר, די באַדריקונג מאַכט נאַריש דעם חכם;
און אַ מתּנה פאַרדאַרבט דאָס האַרץ.

ח בעסער איז דער סוף פון אַ זאַך, איידער איר אָנהייב;
בעסער איז אַ געדולדיקער אין געמיט, איידער אַ
האָפערדיקער אין געמיט.

ט אייל דיך נישט אין געמיט צו ווערן אין כעס,
וואָרן כעס טוט רוען אין שויס פון נאַראָנים.

י דו זאָג נישט: ווי קומט עס, וואָס די פריערדיקע
זענען געווען בעסער פון דידאָזיקע?
וואָרן נישט פון חכמה פרעגסטו פונוועגן דעם.

---

יא גוט איז חכמה מיט אַן אַרבטייל;
און מער נאָך פאַר די, וואָס זעען די זון.

יב וואָרן אין שאָטן פון חכמה איז ווי אין שאָטן פון געלט;
אָבער דאָס געווינס פון וויסן איז: די חכמה
גיט לעבן אירע באַזיצער.

---

יג באַטראַכט די טואונג פון גאָט;
וואָרן ווער קען גלייך מאַכן דאָס, וואָס ער האָט
געמאַכט קרום?

יד אין טאָג פון גוטס — דו זיי אין גוטס,
און אין טאָג פון שלעכטס — באַטראַכט:
אויך דאָס אַנטקעגן דעם האָט גאָט געמאַכט
פונוועגן דעם, כדי דער מענטש זאָל נישט
אויסגעפינען נאָך אים גאָרנישט ניט.

---

טו דאָס אַלץ האָב איך געזען אין די טעג פון
מיין נישטיקייט:
פאַראַן אַ צדיק, וואָס ווערט פאַרלוירן אין זיין צדקות,
און פאַראַן אַ רשע, וואָס טוט פאַרלענגערן
אין זיין רשעות.

טז דו זײ נישט קײן צופיל צדיק, און קליג דיך
נישט איבעריקנס;
פֿאַרוואָס זאָלסטו דיך אומברענגען?

יז טו נישט קײן גרויס שלעכטס, און דו זײ נישט קײן נאַר;
פֿאַרוואָס זאָלסטו שטאַרבן נישט אין דײן צײט?

יח עס איז גוט, אַז דו זאָלסט דיך אָנהאַלטן אָן דעם,
און אויך פֿון יענעם — דו לאָז נישט אָפּ דײן האַנט;
וואָרן ווער סע האָט מורא פֿאַר גאָט, וועט
אַרויסקומען פֿון דעם אַלעמען.

---

יט די חכמה איז מער שטאַרקײט פֿאַר דעם חכם,
אײדער צען געוועלטיקער, וואָס זענען אין אַ שטאָט.

כ וואָרן נישטאָ קײן מענטש, אַ צדיק, אַף דער ערד,
וואָס זאָל טון גוטס, און זאָל נישט זינדיקן.

---

כא אויך צו די אַלע רײד, וואָס ווערן גערעדט, שענק
נישט דײן האַרץ,
כּדי דו זאָלסט נישט הערן דײן קנעכט דיך שעלטן.

כב וואָרן אויך אַסאַכמאָל ווײסט דײן אײגן האַרץ,
אַז אויך דו האָסט געשאָלטן אַנדערע.

---

כג דאָס אַלץ האָב איך אויסגעפּרוווט מיט חכמה;
איך האָב געזאָגט: איך וויל זײן קלוג; אָבער
דאָס איז ווײט פֿון מיר.

# קהלת

כד ווייט איז דאָס, וואָס איז געווען,
און טיף, טיף: ווער קאָן דאָס אויסגעפינען?

כה איך האָב מיך געקערט, און מיין האַרץ, צו
פאַרשטיין און אויסצולוגן,
און צו זוכן חכמה און רעכנשאַפט,
און צו פאַרשטיין — רשעות איז נאַריש,
און די נאַרישקייט איז משוגעת.

כו און איך געפין, ביטערער פון דעם טויט — איז
די פרוי, וואָס זי איז נעצן,
און פאַלן איז איר האַרץ, שטריק — אירע הענט;
ווער ס'איז וואוילגעפעלן פאַר גאָט — וועט פון
איר אַנטרינען ווערן;
און דער זינדיקער וועט דורך איר געפאַנגען ווערן.

כז זע, דאָס האָב איך געפונען, האָט געזאָגט קהלת,
איינס צו איינס, צו געפינען אַ חשבון:

כח וואָס נאָך מיין זעל האָט געזוכט, און איך האָב
נישט געפונען:
אַ מאַן, איינעם פון טויזנט, האָב איך געפונען;
און אַ ווייב צווישן די אַלע — האָב איך נישט געפונען.

כט נייערט זע, דאָס האָב איך געפונען,
וואָס גאָט האָט געמאַכט דעם מענטשן רעכטפאַרטיק,
אָבער זיי האָבן געזוכט אַסך אויסטראַכטענישן.

---

# קהלת

## ח

א ווער איז ווי דער חכם?
אוּן ווער פֿאַרשטייט דעם באַשייד פֿון אַ זאַך?
אַ מענטשנס חכמה מאַכט לייכטן זיין פּנים,
און די האַרטקייט פֿון זיין פּנים ווערט פֿאַרענדערט.

ב נאָך מיר נאָך: דעם מלכס באַפֿעל — היט אָפּ!
און — פֿונוועגן דער שבועה פֿאַר גאָט.

ג דו זיי נישט געאײַלט אַוועקצוגיין פֿון פֿאַר זיין פּנים;
דו שטיי נישט אין קיין שלעכטער זאַך;
וואָרן אַלץ, וואָס ער באַגערט, טוט ער טון.

ד וואָרן אַ מלכס וואָרט איז געוועלטיקונג;
און ווער וועט אים זאָגן: וואָס טוסטו טון?

---

ה ווער סע היט דאָס געבאָט — וועט נישט וויסן
פֿון קיין שלעכטער זאַך;
און אַ חכמס האַרץ פֿאַרשטייט צייט און משפּט.

---

ו וואָרן אַף יעדער זאַך איז פֿאַראַן אַ צייט און משפּט;
פֿאַרוואָר, דאָס שלעכטס פֿון דעם מענטשן
איז גרויס אַף אים:

ז וואָרן ער ווייסט נישט וואָס סע וועט זיין;
פֿאַרוואָר, ווי אַזוי סע וועט זיין — ווער קאָן
עס אים זאָגן?

ח קיין מענטש געוועלטיקט נישט איבערן ווינט,
איינצוזאַמען דעם ווינט;
און נישטאָ קיין געוועלטיקונג איבער דעם
טאָג פון טויט;
און נישטאָ קיין אָפּלאָז אין מלחמה;
און רשעות וועט נישט מציל זיין זיין האַר.

---

ט דאָס אַלץ האָב איך געזען, און האָב אָפּגעגעבן מיין
האַרץ צו יעדער טואונג, וואָס ווערט געטון אונטער
דער זון:
עס איז אַ צייט, וואָס דער מענטש טוט געוועלטיקן
איבער דעם מענטשן, אים שלעכטס צו טון.

---

י און אַזוי האָב איך געזען די רשעים באַגראָבענע;
און יענע זענען געקומען, און די זענען פון דעם
הייליקן אָרט אַוועקגעגאַנגען,
און זיי זענען פאַרגעסן געוואָרן אין דער שטאָט,
וואו זיי האָבן געטון רעכט;
אויך דאָס איז נישטיקייט.

יא אַזויווי דער פסק פאַר דער שלעכטער טואונג
ווערט נישט אויסגעפירט גלייך,
דעריבער איז דאָס האַרץ פון די מענטשנקינדער
פול אין זיי צו טון שלעכטס.

יב אַזויווי אַ זינדיקער טוט שלעכטס הונדערטמאָל,
און אים ווערט פאַרלענגערט,

דאָך טו איך וויסן, אַז סע וועט זיין גוט די
גאָטספאָרכטיקע, וואָס האָבן מורא פאַר אים;

יג אוּן גוט וועט נישט זיין דעם רשע,
און ער וועט נישט דערלענגערן די טעג, ווי אַ שאָטן;
וואָרן ער טוט נישט מורא האָבן פאַר גאָט.

יד פאַראַן אַ נישטיקייט, וואָס ווערט געטון אַף דער ערד:
וואָס עס זענען פאַראַנען צדיקים, וואָס זיי טרעפט
לויט דער טוּאונג פון די רשעים;
און עס זענען פאַראַנען רשעים, וואָס זיי טרעפט
לויט דער טוּאונג פון די צדיקים;
איך האָב געזאָגט, אַז אויך דאָס איז נישטיקייט.

טו און איך האָב מיר געלויבט די פרייד,
וואָרן נישטאָ קיין בעסערס פאַר אַ מענטשן
אונטער דער זון,
נייערט ווי צו עסן, און צו טרינקען, און
צו זיין פריילעך;
און דאָס זאָל אים באַגלייטן אין זיין מי די טעג פון זיין
לעבן, וואָס גאָט האָט אים געגעבן אונטער דער זון.

---

טז אַזוי ווי איך האָב אָפּגעגעבן מיין האַרץ
צו פאַרשטיין חכמה,
און צו זען די באַשעפטיקונג, וואָס סע ווערט געטון
אַף דער ערד, —
וואָרן אויך בייטאָג און ביינאַכט טוט ער קיין שלאָף
נישט זען אין זיינע אויגן,

יז דאָ האָב איך געזען די גאַנצע טואונג פון גאָט,
אַז דער מענטש קען נישט אויסגעפינען די טואונג,
וואָס ווערט געטון אונטער זון;
וואָרן וויפל דער מענטש וועט זיך מיען צו זוכן,
דאָך וועט ער נישט געפינען;
און אַפילו, אויב דער חכם וועט זאָגן, ער פאַרשטייט, —
ער וועט נישט קענען אויסגעפינען.

---

# ט

א וואָרן דאָס אַלץ האָב איך אַריינגעגעבן אין מיין האַרץ,
און קלאָר צו מאַכן דאָס אַלץ: וואָס די צדיקים,
און די חכמים, און זייערע אַרבעטן — זענען אין
דער האַנט ביי גאָט;
סיי ליבשאַפט, סיי שנאה — דער מענטש טוט
נישט פאַרשטיין;
אַלץ איז פאָרויס פאַר זיי.

ב אַלץ איז גלייך פאַר אַלעמען:
איין טרעפעניש פאַר דעם צדיק און פאַר דעם רשע;
פאַר דעם גוטן און פאַר דעם ריינעם און פאַר
דעם אומריינעם;
און פאַר דעם, וואָס איז מקריב, און פאַר דעם,
וואָס איז נישט מקריב;
ווי דעם גוטן — אַזוי דעם זינדיקן;
דעם, וואָס שווערט, אַזוי ווי דעם, וואָס האָט מורא
פאַר אַ שבועה.

# קהלת

ג דאָס איז אַ שלעכטס אין אַלץ, וואָס ווערט געטון
אונטער דער זון,
וואָרן איין טרעפעניש איז פאַר אַלעמען;
און אויך איז דאָס האַרץ פון די מענטשנקינדער
פול שלעכטס,
און משוגעת איז אין זייער האַרץ ביי זייער לעבן,
און דערנאָכדעם — צו די טויטע!

ד וואָרן ווער עס איז באַהעפט מיט אַלע לעבעדיקע
— האָט אַ האָפענונג;
וואָרן דעם לעבעדיקן הונט, אים איז בעסער, איידער
דעם טויטן לייב.

ה וואָרן די לעבעדיקע ווייסן, אַז זיי וועלן שטאַרבן,
אָבער די מתים ווייסן ניט גאָרנישט,
און זיי האָבן מער נישט קיין שום באַלוינונג;
וואָרן פאַרגעסן ווערט זייער געדעכעניש.

ו אויך זייער ליבשאַפט, אויך זייער שנאה, אויך זייער
קנאה, איז שוין לאַנג פאַרלוירן געוואָרן;
און קיין חלק האָבן זיי מער קיינמאָל נישט
אין אַלץ, וואָס סע ווערט געטון אונטער דער זון.

---

ז גיי, עס מיט פרייד דיין ברויט,
און טרינק דיין וויין מיט אַ פריילעך האַרץ;
וואָרן גאָט האָט שוין לאַנג באַוויליקט דיינע מעשים.

ח זאָלן אַלעמאָל זיין ווייס דיינע קליידער;
און לאָז קיין זאַלבאייל נישט פעלן אַף דיין קאָפּ.

# קהלת

ט גענִיס דאָס לעבן מיט דעם ווייב, וואָס דו האָסט ליב,
אַלע טעג פון דעם לעבן פון דיין נישטיקייט, וואָס
ער האָט דיר געגעבן אונטער דער זון,
אַלע טעג פון דיין נישטיקייט;
וואָרן דאָס איז דיין חלק אין לעבן, און אין דיין מי,
וואָס דו טוסט זיך מיען אונטער דער זון.

י אַלץ, וואָס דיין האַנט וועט געפינען צו טון מיט
דיין כּוח — טו!
וואָרן עס איז נישטאָ קיין טואונג, און קיין רעכנשאַפט,
און קיין וויסן, און קיין חכמה, אין דעם גרוב, וואָס
דו טוסט גיין אַהין.

---

יא איך האָב מיך אומגעקערט, און האָב געזען
אונטער דער זון,
אַז נישט פאַר די פלינקע איז דאָס וועטגעלאַף,
און נישט פאַר די גבורים איז די מלחמה,
און אויך נישט פאַר די חכמים איז ברויט,
און אויך נישט פאַר די פאַרשטענדיקע איז עשירות,
און אויך נישט פאַר די קענער איז לייטזעליקייט;
נייערט צייט און צופאַל טרעפט זיי אַלעמען.

יב וואָרן דער מענטש טוט אויך נישט קענען זיין צייט;
ווי די פיש, וואָס ווערן געכאַפּט אין אַ בייזער נעץ,
און ווי די פייגל, וואָס ווערן געכאַפּט אין אַ פּאַלנעץ,
ווי זיי — ווערן די מענטשנקינדער געפאַנגען אין
אַ שלעכטער צייט, בעת זי פאַלט אָן אַף זיי פּלוצלינג.

---

יג אויך דאָס האָב איך געזען — חכמה אונטער דער זון,
און גרויס איז דאָס געווען פאַר מיר:

יד אַ קליינע שטאָט, און מענטשן אין איר — ווינציק;
און עס איז געקומען קעגן איר אַ גרויסער מלך,
און ער האָט זי אַרומגערינגלט, און האָט געבויט
אַרום איר גרויסע וואַלן;

טו און מע האָט געפונען אין איר אַן אָרימאַן, אַ חכם,
און ער האָט מציל געווען די שטאָט מיט זיין חכמה;
דאָך האָט קיין מענטש נישט געדענקט דעמדאָזיקן
אָרימן מענטשן.

טז און איך האָב מיר געזאָגט:
חכמה איז בעסער פון גבורה;
דאָך די חכמה פון דעם אָרימאַן ווערט פאַראַכט,
און זיינע רייד ווערן נישט געהערט.

יז די רייד פון חכמים אין רו — ווערן געהערט מער,
איידער דאָס געשריי פון אַ הערשער צווישן נאַראָנים.

יח חכמה איז בעסער, איידער מלחמה כלי־זין;
דאָך איין זינדיקער טוט צעשטערן אַסך גוטס.

## י

א טויטע פליגן מאַכן שטינקען, מאַכן בלעזלען
דעם אייל פון דעם זאַלבער;
געוויכטיקער פון חכמה, פון כבוד איז אַביסל
נאַרישקייט.

# קהלת

ב אַ חכמס פאַרשטאַנד איז צו זיין רעכטער זייט ;
און אַ נאַרס פאַרשטאַנד איז צו זיין לינקער זייט.

ג און אויך אַף דעם וועג, בעת דער נאַר גייט,
פעלט אים פאַרשטאַנד,
און ער זאָגט צו אַלעמען : ער איז אַ נאַר.

---

ד אויב דער גייסט פון דעם הערשער דערהייבט
זיך קעגן דיר,
דיין אָרט פאַרלאָז נישט ;
וואָרן געלאַסנקייט באַרוט גרויסע פעלער.

ה פאַראַן אַ שלעכטס, וואָס איך האָב געזען
אונטער דער זון,
ווי אַ טעות, וואָס טוט אַרויסגיין פון פאַר דעם הערשער :

ו די נאַרישקייט ווערט געשטעלט אין גרויסע הייכן,
און די עשירים טוען זיצן אין דער נידער.

ז איך האָב געזען קנעכט אַף פערד,
און האַרן גיין, ווי קנעכט אַף דער ערד.

---

ח ווער סע גראָבט אַ גרוב, וועט אַריינפאַלן אין אים ;
און ווער סע ברעכט דורך אַ צאַם, אים וועט
בייסן אַ שלאַנג.

ט ווער סע טוט אויסהאַקן שטיינער, וועט זיך
פאַרוואונדן מיט זיי ;
ווער סע שפּאַלט האָלץ, וועט דורך דעם זיין אין סכּנה.

# קהלת

י אויב דאָס אייזן איז שטומפּיק,
און ער שאַרפט נישט די שאַרף,
דאָ מוז ער שטאַרקן די כּוחות;
דאָך דאָס געווינס פון טון ריכטיק — איז חכמה.

יא אויב די שלאַנג בייסט פאַר דעם אָפּשפּרעכן,
דעמאָלט איז נישטאָ מער קיין נוץ פאַר דעם פלאַפּלער.

---

יב די רייד פון אַ חכמס מויל האָבן חן;
און די לעפצן פון אַ נאַר וועלן אים אַליין פאַרשלינגען.

יג דער אָנהייב פון די רייד פון זיין מויל איז נאַרישקייט,
און דער סוף פון זיין מויל איז אַ בייז משוגעת.

יד און דער נאַר טוט פאַרמערן רייד;
סע ווייסט נישט דער מענטש וואָס סע וועט זיין;
און וואָס סע וועט זיין נאָך אים —
ווער קאָן אים זאָגן?

טו די מי פון נאַראָנים פאַרמאַטערט יעדן פון זיי,
וואָרן ער ווייסט נישט ווי צו גיין אין שטאָט אַריין.

---

טז וויי דיר, לאַנד, וואָס דיין מלך איז אַ יונג,
און דיינע האַרן טוען עסן באַגינען!

יז וואויל דיר, לאַנד, וואָס דיין מלך איז אַ פרייער מענטש,
און דיינע האַרן עסן אין צייט,
אין שטאַרקייט, און נישט אין שיכּרות!

---

יח דורך פוילקייט פאַלט איין דער באַלקן;
און דורך אָפּגעלאָזנקייט פון די הענט — רינט דאָס הויז.

---

יט אויף צו לאַכן — מאַכט מען אַ סעודה,
און וויין מאַכט פריילעך דאָס לעבן;
און געלט טוט פאַרענטפערן אַלץ.

---

כ אַפילו אין דיין געדאַנק טו נישט שעלטן קיין מלך,
און אין דיינע שלאָפקאַמערן טו נישט
שעלטן דעם עושר;
וואָרן אַ פויגל פון דעם הימל וועט פאַרטראָגן דאָס קול,
און דער, וואָס האָט פליגל, וועט דערציילן דאָס וואָרט.

---

# יא

א שיק אַרויס דיין ברויט אויף דעם פנים פון דעם וואַסער,
וואָרן אין אַסך טעג אַרום וועסטו עס געפינען.

ב צעטייל אַ חלק אויף זיבן, און אויך אויף אַכט;
וואָרן דו ווייסט נישט וואָסער שלעכטס סע
וועט זיין אויף דער ערד.

ג אויב די וואָלקנס ווערן פול מיט רעגן,
ליידיקן זיי זיך אויס אויף דער ערד;
און אויב אַ בוים פאַלט אין דרום, אָדער אין צפון,
אויף דעם אָרט, וואו דער בוים טוט פאַלן, דאָרט
וועט ער זיין.

# קהלת

ד וועֶר סע היט דעם ווינט — וועט נישט זייען;
און וועֶר סע קוקט אַף די וואָלקנס — וועט נישט שניידן.

ה אַזוי ווי דו ווייסט נישט וואָס איז דער וועג פון דעם ווינט,
ווי — די ביינער אין בויך פון דער, וואָס טראָגט,
אַזוי פאַרשטייסטו נישט די טואונג פון גאָט,
וואָס טוט אַלצדינג.

ו אינדערפרי פאַרזיי דיין זאָמען,
און צו אָוונט־צו — טו נישט אָפּלאָזן דיין האַנט;
וואָרן דו ווייסט נישט וואָס סע וועט געראָטן,
צי דאָס, אָדער דאָס,
אָדער אויב ביידע גלייך וועלן זיין גוט.

ז און זיס איז דאָס ליכט,
און גוט איז פאַר די אויגן צו זען די זון.

ח וואָרן אויב דער מענטש זאָל לעבן אַסך יאָרן —
לאָז ער אין זיי אַלע זיך פרייען;
און זאָל ער געדענקען די טעג פון פינסטערניש,
וואָרן זיי וועלן זיין אַסך.
אַלץ, וואָס סע קומט, איז נישטיקייט.

---

ט פריי דיך, בחור, אין דיין יינגלשאַפט,
און זאָל דיך דיין האַרץ דערפרייען אין די טעג
פון דיין יוגנט,
און גיי אין די וועגן פון דיין האַרץ,
און אין דער זעאונג פון דיינע אויגן;

אָבער דו ווייס, אַז פֿונוועגן דעם אַלעמען
וועט דיך גאָט ברענגען צום משפּט.

י און טו אָפּ פּאַרדראָס פֿון דיין האַרצן,
און ראַם אָפּ שלעכטס פֿון דיין לייב;
וואָרן די יינגלשאַפֿט און די יונגקייט זענען נישטיקייט.

---

# יב

א און געדענק דיין באַשעפֿער אין די טעג פֿון דיין יוגנט,
איידער סע טוען אָנקומען די שלעכטע טעג,
און סע גענעענען יאָרן, וואָס דו וועסט זאָגן:
איך האָב נישט אין זיי קיין באַגער.

ב איידער סע וועלן ווערן פֿינסטער די זון און דאָס ליכט,
און די לבנה און די שטערן,
און סע קערן זיך אום די וואָלקנס נאָך דעם רעגן;

ג אין דעם טאָג, וואָס סע וועלן אופֿציטערן די
היטערס פֿון דעם הויז;
און סע וועלן זיך אויסקרימען די קריגסלייט,
און די מילנערנס טוען אופֿהערן, וואָרן זיי זענען ווינציק,
און סע ווערן פֿינסטער די, וואָס קוקן אין די פֿענסטער;

ד און סע וועלן פֿאַרשלאָסן ווערן די טירן אין מאַרק,
בעת סע ווערט נידעריק דער רויש פֿון דער מיל,
און מע וועט אופֿשטיין ביים קול פֿון דעם פֿויגל,
און סע וועלן ווערן אַנטשוויגן אַלע טעכטער
פֿון געזאַנג.

# קהלת

ה אויך פֿאַר אַ הויכקייט וועלן זיי מורא האָבן,
און פּחדים — אַף דעם וועג;
און סע וועט בליען דער מאַנדלבוים,
און סע וועט זיך שלעפּן דער היישעריק,
און צעשטערט וועט ווערן דער קאַפּערבוים,
וואָרן דער מענטש טוט גיין צו זיין אייביקן הויז,
און די באַקלאָגערס וועלן אַרומגיין אין מאַרק.

ו איידער דער זילבערשנור וועט צעריסן ווערן,
און צעשמעטערט ווערן וועט דער גילדענער בעקן,
און צעבראָכן ווערן וועט דער קרוג ביי דעם קוואַל,
און דאָס ראָד פֿאַלט צעשפּרונגען אין גרוב אַריין.

ז און דער שטויב וועט זיך אומקערן צו דער ערד,
ווי ער איז געווען,
און דער גייסט וועט זיך אומקערן צו גאָט,
וואָס האָט אים געגעבן.

ח נישטיקייט פֿון נישטיקייטן, האָט געזאָגט קהלת,
אַלץ איז נישטיקייט.

---

ט און חוצדעם, וואָס קהלת איז געווען אַ חכם,
האָט ער נאָך געלערנט דאָס פֿאָלק וויסן;
און ער האָט געוואויגן און געפֿאָרשט,
ער האָט צונויפֿגעשטעלט אַסך שפּראָכרייד.

י קהלת האָט געזוכט צו געפֿינען ניצלעכע רייד,
און וואָס עס איז געשריבן רעכטפֿאַרטיק,
רייד פֿון אמת.

---

# קהלת

יא די רייד פון חכמים זענען ווי שטעכערס,
און ווי אַריינגעזעצטע נעגל זענען די, וואָס
זענען צונויפגעזאַמלט ;
זיי זענען געגעבן געוואָרן פון איין פּאַסטעך.

---

יב און נאָך מער פון דעם אַלעמען : מיין זון, זיי געוואָרנט :
מאַכן אַסך ספרים — איז נישטאָ קיין סוף ;
און נאָכצוטראַכטן אַסך — מאַכט מיד דאָס לייב.

---

יג דער סוף פון דער זאַך, ווי אַלץ איז געהערט געוואָרן :
פאַר גאָט האָב מורא, און זיינע געבאָטן היט אָפּ ;
וואָרן דאָס איז דער גאַנצער מענטש.

יד וואָרן יעדע טואונג וועט גאָט ברענגען פאַר אַ משפּט,
פונוועגן אַלץ, וואָס איז פאַרהוילן,
סיי גוט און סיי שלעכט.

---

דער סוף פון דער זאַך, ווי אַלץ איז געהערט געוואָרן :
פאַר גאָט האָב מורא, און זיינע געבאָטן היט אָפּ ;
וואָרן דאָס איז דער גאַנצער מענטש.



# אסתר

## א

א און עס איז געווען אין די טעג פון אַחשוורושן, דאָס איז
דער אַחשוורוש, וואָס האָט געקיניגט פון הודו ביז קיין
כּוש, איבער הונדערט און זיבן־און־צוואַנציק מדינות,
ב אין יענע טעג, בעת דער מלך אַחשוורוש איז געזעסן אַף
דעם שטול פון זיין מלוכה, וואָס איז געווען אין דער קרוינ־
שטאָט שושן, ג אין דעם דריטן יאָר פון זיין קיניגן, האָט
ער געמאַכט אַ סעודה פאַר אַלע זיינע האַרן און זיינע
קנעכט; דאָס חיל פון פרס און מדי, די איידללייט און האַרן
פון די מדינות, זענען געווען פאַר אים, ד בעת ער האָט
געטון ווייזן די רייכקייט פון זיין הערלעכער מלוכה און די
קעסטלעכקייט פון זיין פרעכטיקער גרויסקייט, אַסך טעג,
הונדערט און אַכציק טעג. ה און אַז דידאָזיקע טעג זענען
געוואָרן פאַרפול, האָט דער מלך געמאַכט פאַר דעם גאַנצן
פאָלק, וואָס האָט זיך געפונען אין דער קרוינשטאָט שושן,
פון פאַר דעם גרעסטן און ביז דעם קלענסטן, אַ סעודה זיבן
טעג, אין הויף פון דעם גאָרטן ביים מלכס פאַלאַץ. ו ווייסע
ליינען, פיינע וואָל און בלויע זענען געווען באַפעסטיקט
מיט שנורן פון ווייסער וואָל און פורפור, אַף שטאַנגען פון
זילבער און זיילן פון מירמלשטיין; געלעגערס זענען געווען
פון גאָלד און זילבער אַף שטיינפלאַסטער פון אַלאַבאַסטער
און מירמלשטיין און פערלמוטער און אָניקס. ז און דאָס

געטראַנק האָט מען געגעבן אין כּלים פֿון גאָלד — און כּלים
פֿון כּלים זענען געווען אַנדערש — און קיניגלעכער וויין
איז געווען אַסך, מיט אַ קיניגלעכער האַנט. ח און דאָס
טרינקען איז געווען לויט דעם געזעץ; קיינער האָט נישט
גענייט; וואָרן אַזוי האָט דער מלך פֿעסטגעזעצט פֿאַר
יעדן עלטסטן פֿון זיין הויז, צו טון לויט דעם ווילן פֿון איט־
לעכן מענטשן.
ט אויך די מלכּה ושתּי האָט געמאַכט אַ סעודה פֿאַר
די ווייבער אין דעם קיניגלעכן הויז, וואָס האָט געהערט דעם
מלך אַחשוורוש.
י אױף דעם זיבעטן טאָג, בעת דאָס האַרץ פֿון דעם מלך
איז געווען פֿריילעך פֿון וויין, האָט ער געהייסן מהומנען,
בזתאן, חרבונאן, בגתאן און אַבגתאן, זתרן און כּרכּסן, די
זיבן קאַמערדינער, וואָס האָבן באַדינט פֿאַר דעם אָנגעזיכט
פֿון דעם מלך אַחשוורוש, יא צו ברענגען די מלכּה ושתּי
פֿאַר דעם מלך אין אַ קיניגלעכער קרוין, צו ווייזן די פֿעלקער
און די האַרן איר שיינקייט, וואָרן זי איז געווען שיין אָפּן
אויסזען. יב נאָר די מלכּה ושתּי האָט נישט געוואָלט קו־
מען אױף דעם באַפֿעל פֿון דעם מלך, וואָס איז געקומען דורך
די קאַמערדינער. און דער מלך האָט זייער געצערנט, און
זיין גרימצאָרן האָט געברענט אין אים.
יג און דער מלך האָט געזאָגט צו די חכמים, וואָס פֿאַר־
שטייען די צייטן, — וואָרן אַזוי איז געווען דעם מלכס שטיי־
גער פֿאַר אַלע, וואָס האָבן פֿאַרשטאַנען געזעץ און דין;
יד און די נעענטסטע ביי אים זענען געווען כּרשנא, שתר,
אַדמתא, תּרשיש, מרס, מרסנאָ, ממוכן, די זיבן האַרן פֿון
פּרס און מדי, וואָס האָבן געטון זען דאָס פּנים פֿון דעם

מלך, וואָס זענען געזעסן די ערשטע אין דער מלוכה:
טו לויט דעם געזעץ, וואָס דאַרף מען טון מיט דער מלכּה
וושתּי פונוועגן דעם, וואָס זי האָט נישט געטון דעם באַ־
פעל פון דעם מלך אַחשוורוש דורך די קאַמערדינער?
טז און ממוכן האָט געזאָגט פאַר דעם מלך און די האַרן:
נישט קעגן מלך אַליין האָט פאַרבראָכן די מלכּה וושתּי,
נייערט קעגן אַלע האַרן און קעגן אַלע פעלקער, וואָס זענען
אין אַלע מדינות פון דעם מלך אַחשוורוש. יז וואָרן די זאַך
מיט דער מלכּה וועט אַרויסגיין פאַר אַלע ווייבער, צו טון
פאַראַכטן זייערע מאַנען אין זייערע אויגן, אַז סע וועט גע־
זאָגט ווערן: דער מלך אַחשוורוש האָט געהייסן, מע זאָל
ברענגען פאַר אים די מלכּה וושתּי, און זי איז נישט געקו־
מען. יח און נאָך היינטיקן טאָג וועלן דאָס זאָגן די האַרנטעס
פון פרס און מדי, וואָס האָבן געהערט די מעשה מיט דער
מלכּה, צו אַלע האַרן פון דעם מלך; און סע וועט זיין גענוג
שאַנד און דערצערענונג. יט אויב דעם מלך טוט וואויל־
געפעלן ווערן, זאָל אַרויסגיין פון פאַר אים אַ קיניגלעכער
באַפעל, און ער זאָל פאַרשריבן ווערן אין די געזעצן פון
פרס און מדי, און ער זאָל נישט איבערגעטרעטן ווערן, אַז
וושתּי זאָל מער נישט קומען פאַר דעם מלך אַחשוורוש, און
איר קיניגלעכקייט זאָל דער מלך געבן אירער אַ געזעלערן,
וואָס איז בעסער פון איר. כ און דעם מלכס געזעץ, וואָס
ער וועט טון מאַכן, וועט געהערט ווערן אין זיין גאַנצער
מלוכה, ווי גרויס זי איז, און אַלע ווייבער וועלן אָפּגעבן
כּבוד זייערע מאַנען, פון דעם גרעסטן און ביז דעם קלענסטן.
כא און דאָס וואָרט איז וואוילגעפעלן געוואָרן אין די אויגן
פון דעם מלך און די האַרן; און דער מלך האָט געטון לויט

דעם וואָרט פון ממוכנען. כב און ער האָט צעשיקט בריוו
צו אַלע מדינות פון דעם מלך, צו מדינה נאָך מדינה לויט
איר שריפט, און צו פאָלק נאָך פאָלק לויט זיין לשון, יעדער
מאַן זאָל זיין הערשער אין זיין הויז, און טון רעדן לויט דעם
לשון פון זיין פאָלק.

---

# ב

א נאָך די דאָזיקע זאַכן, אַז סע האָט זיך איינגעשטילט
דער גרימצאָרן פון דעם מלך אַחשוורוש, האָט ער געדענקט
אָן ושתין, און וואָס זי האָט געטון, און וואָס עס איז גוזר
געוואָרן אַף איר. ב און די יונגען פון דעם מלך, זיינע באַ־
דינער, האָבן געזאָגט: לאָז מען זוכן פאַר דעם מלך יונגע
מיידלעך, שיינע אין אויסזען; ג און לאָז דער מלך זעצן
אויפזעער אין אַלע מדינות פון זיין מלוכה, און זיי זאָלן
איינזאַמלען יעדעס יונגע מיידל, שיין אין אויסזען, אין
דער קרוינשטאָט שושן, אין דעם הויז פון די ווייבער, אונ־
טער דער האַנט פון הגאן, דעם קאַמערדינער פון דעם
מלך, דעם היטער פון די ווייבער; און עס זאָל זיי געגעבן
ווערן זייערע זאַלבונגען. ד און דאָס מיידל, וואָס וועט
וואוילגעפעלן ווערן אין די אויגן פון דעם מלך, זאָל קיניגן
אָנשטאָט ושתין. און די זאַך איז וואוילגעפעלן געוואָרן
אין די אויגן פון דעם מלך, און ער האָט אַזוי געטון.
ה אין דער קרוינשטאָט שושן איז געווען איינער אַ ייד,
און זיין נאָמען איז געווען מרדכי, דער זון פון יאיר, דער
זון פון שמעי, דער זון פון קיש, אַ מאַן פון בנימין, ו וואָס

איז פאַרטריבן געוואָרן פון ירושלים מיט די פאַרטריבענע, וואָס זענען פאַרטריבן געוואָרן מיט יכניהן, דעם מלך פון יהודה, וואָס נבוכדנאצר, דער מלך פון בבל האָט פאַרטריבן.
ז און ער האָט דערצויגן הדסהן, דאָס איז אסתּר, די טאָכ־טער פון זיין פעטער, וואָרן זי האָט נישט געהאַט קיין פאָ־טער און קיין מוטער; און דאָס מיידל איז געווען פון הער־לעכער געשטאַלט און שיין אין אויסזען. און אַז איר פאָטער און איר מוטער זענען געשטאָרבן, האָט מרדכי זי גענומען צו זיך פאַר אַ טאָכטער.

ח און עס איז געווען, ווען עס איז געהערט געוואָרן דער באַפעל פון דעם מלך, און זיין געזעץ, און בעת אַסך מייד־לעך זענען איינגעזאַמלט געוואָרן אין דער קרוינשטאָט שושן, אונטער דער האַנט פון הגין, איז אויך אסתּר גענו־מען געוואָרן אין דעם הויז פון דעם מלך, אונטער דער האַנט פון הגין, דעם היטער פון די ווייבער. ט און דאָס מיידל איז וואוילגעפעלן געוואָרן אין זיינע אויגן, און זי האָט געקריגן גנאָד פאַר אים; און ער האָט געאיילט איר צו געבן אירע זאַלבונגען און אירע גאָבן, און די זיבן מיידלעך, וואָס זענען געווען אויסגעקליבן איר געגעבן צו ווערן פון דעם הויז פון דעם מלך; און ער האָט געביטן איר און אירע מייד־לעך אַף צום בעסטן אין הויז פון די ווייבער.

י אסתּר האָט נישט דערציילט פון איר פאָלק און פון איר געבורט, וואָרן מרדכי האָט איר געבאָטן, אַז זי זאָל נישט דערציילן. יא און יעדן טאָג נאָך טאָג האָט מרדכי געטון אַרומגיין פאַר דעם הויף פון דעם ווייבערהויז, גע־וואָר צו ווערן דעם פרידן פון אסתּרן, און וואָס סע וועט גע־טון ווערן מיט איר.

יב און אַז סע האָט זיך דערנענטערט די ריי פון מיידל
נאָך מיידל צו קומען צו דעם מלך אַחשוורוש, נאָכדעם ווי
מע האָט מיט איר געטון לויט דעם געזעץ פאַר די ווייבער,
צוועלף חדשים, — וואָרן אַזוי זענען געוואָרן פאַרפול די
טעג פון זייערע זאַלבונגען: זעקס חדשים מיט אייל פון
מירע, און זעקס חדשים מיט בשמים און זאַלבן פון די
ווייבער, יג און אַזוי איז דאָס מיידל געקומען צו דעם מלך,
אַלץ וואָס זי האָט געטון זאָגן, איז איר געגעבן געוואָרן צו
גיין מיט איר פון דעם הויז פון די ווייבער ביז צו דעם הויז
פון דעם מלך. יד אין אָוונט איז זי געקומען, און אינדער־
פרי האָט זי זיך אומגעקערט אין דעם אַנדערן הויז פון די
ווייבער, אונטער דער האַנט פון שעשגזן, דעם קאַמערדינער
פון דעם מלך, דעם היטער פון די קעבסווייבער; זי איז
נישט געקומען מער צו דעם מלך, סיידן אַז דער מלך האָט
זי באַגערט, און זי איז גערופן געוואָרן מיט דעם נאָמען.

טו און אַז סע האָט זיך דערנענטערט די ריי פון
אסתּרן, די טאָכטער פון אַביחילן, דער פעטער פון מרדכין,
וואָס ער האָט זי גענומען צו זיך פאַר אַ טאָכטער, צו קומען
צו דעם מלך, האָט זי נישט פאַרלאַנגט קיין זאַך, נייערט
נאָר דאָס, וואָס עס האָט געטון זאָגן הגי, דער קאַמערדינער
פון דעם מלך, דער היטער פון די ווייבער. און אסתּר האָט
געפונען חן אין די אויגן פון אַלע, וואָס האָבן זי געזען.
טז און אסתּר איז גענומען געוואָרן צו דעם מלך אַחשוורוש
אין זיין קיניגלעכן הויז, אין דעם צענטן חודש, דאָס איז
דער חודש טבת, אין דעם זיבעטן יאָר פון זיין קיניגן.

יז און דער מלך האָט ליב געהאַט אסתּרן מער פון אַלע
ווייבער, און זי האָט געפונען ביי אים חן און גנאָד מער

פון אַלע יונגפרויען; און ער האָט אָנגעטון אַ קיניגלעכע
קרוין אַף איר קאָפּ, און ער האָט זי געמאַכט קיניגן אַנשטאָט
ושתּין. יח און דער מלך האָט געמאַכט אַ גרויסע סעודה
פאַר אַלע זיינע האַרן און זיינע קנעכט, די סעודה פון אסתּרס
וועגן; און אַ פאַרלייכטערונג האָט ער געמאַכט פאַר די
מדינות, און ער האָט געגעבן מתּנות מיט אַ קיניגלעכער
האַנט.

יט און בעת יונגפרויען זענען איינגעזאַמלט געוואָרן אַ
צווייטמאָל, און מרדכי איז געזעסן אין דעם טויער פון דעם
מלך, — כ אסתּר האָט נאָך נישט געהאַט דערציילט פון
איר געבורט און פון איר פאָלק, אַזוויוי מרדכי האָט איר
געבאָטן; און מרדכיס אָנזאָג האָט אסתּר געטון אַזויווי בעת
זי האָט זיך דערצויגן ביי אים, — כא אין יענע טעג —
און מרדכי איז געזעסן אין טויער פון דעם מלך, — האָבן
געצערנט בגתן און תרש, צוויי קאַמערדינער פון דעם מלך,
פון די, וואָס היטן די שוועל, און זיי האָבן געזוכט אויסצו־
שטרעקן אַ האַנט אַף דעם מלך אַחשוורוש. כב און די זאַך
איז מרדכין באַקענט געוואָרן, און ער האָט עס דערציילט
דער מלכּה אסתּר; און אסתּר האָט דאָס געזאָגט דעם מלך
אין נאָמען פון מרדכין. כג און די זאַך איז נאָכגעזוכט גע־
וואָרן, און איז געוואָרן אויסגעפונען, און זיי זענען ביידע
געהאַנגען געוואָרן אַף אַ בוים; און דאָס איז פאַרשריבן
געוואָרן אין דעם ספר פון די טאָג־געשעענישן פאַר דעם
מלך.

---

# אסתר

## ג

א נאָך דידאָזיקע זאַכן האָט דער מלך אַחשוורוש גרויס
געמאַכט המנען, דעם זון פון המדתאן, דעם אַגגי, און ער
האָט אים דערהויבן, און האָט געשטעלט זיין שטול איבער
די פון אַלע האַרן, וואָס זענען געווען ביי אים. ב און אַלע
קנעכט פון דעם מלך, וואָס זענען געווען אין טויער פון דעם
מלך, האָבן געטון קניען און בוקן זיך פאַר המנען, וואָרן
אַזוי האָט דער מלך באַפוילן פונוועגן אים; נאָר מרדכי
האָט נישט געקניט און זיך נישט געבוקט. ג און די קנעכט
פון דעם מלך, וואָס זענען געווען אין טויער פון דעם מלך,
האָבן געזאָגט צו מרדכין: פאַרוואָס טרעטסטו איבער דאָס
געבאָט פון דעם מלך? ד און עס איז געווען, אַז זיי האָבן
אים געטון זאָגן טאָג נאָך טאָג, און ער האָט זיך נישט צוגע־
האָרכט צו זיי, דעמאָלט האָבן זיי דערציילט המנען, צו
זען, צי די רייד פון מרדכין וועלן באַשטיין: וואָרן ער האָט
זיי דערציילט, אַז ער איז אַ ייד. ה ווי המן האָט געזען, אַז
מרדכי טוט נישט קניען און בוקן זיך פאַר אים, דאָ איז
המן געוואָרן פול גרימצאָרן. ו און עס איז געווען אַ שאַנד
אין זיינע אויגן אויסצושטרעקן אַ האַנט אַף מרדכין אַליין,
וואָרן זיי האָבן אים דערציילט פון דעם פאָלק פון מרדכין;
און המן האָט געזוכט צו פאַרטיליקן אַלע יידן, וואָס זענען
געווען אין דער גאַנצער מלוכה פון אַחשוורושן — דאָס פאָלק
פון מרדכין.

ז אין דעם ערשטן חודש, דאָס איז דער חודש ניסן, אין
דעם צוועלפטן יאָר פון דעם מלך אַחשוורוש, האָט מען גע־
וואָרפן פור, דאָס איז דער גורל, פאַר המנען, פון טאָג צו טאָג,

און פון חודש צו חודש, ביז דעם צוועלפטן, דאָס איז דער
חודש אָדר.
ח און המן האָט געזאָגט צו דעם מלך אַחשוורוש, פאַראַן
איין פאָלק אַזיינס, צעזייט, דאָך אָפּגעזונדערט, צווישן די
פעלקער אין אַלע מדינות פון דיין מלוכה, און זייערע גע־
זעצן זענען אַנדערש ווי פון יעדן פאָלק, און די געזעצן פון
דעם מלך טוען זיי נישט, און פאַר דעם מלך לוינט נישט
זיי צו לאָזן. ט אויב דעם מלך טוט וואוילגעפעלן ווערן,
לאָז געשריבן ווערן, זיי אומצוברענגען; און צען טויזנט
צענטנער זילבער וועל איך אָפּוועגן דורך דער האַנט פון
די פאַרוואַלטער, צו ברענגען דאָס אין די שאַצקאַמערן פון
דעם מלך.
י און דער מלך האָט אַראָפּגענומען זיין זיגלרינג פון
זיין האַנט, און האָט אים געגעבן המנען, דעם זון פון
המדתאן, דעם אַגגי, דעם באַדרענגער פון די יידן. יא און
דער מלך האָט געזאָגט צו המנען: דאָס געלט ווערט דיר
געגעבן, אויך דאָס פאָלק, צו טון מיט דעם ווי סע טוט
וואוילגעפעלן ווערן אין דיינע אויגן.
יב און עס זענען גערופן געוואָרן די שרייבער פון דעם
מלך אין דעם ערשטן חודש, אין זיין דרייצענטן טאָג, און עס
איז געשריבן געוואָרן אַלץ אַזוי ווי המן האָט געבאָטן, צו
די שטאַטהאַלטער פון דעם מלך, און צו די פּאַשאַס, וואָס
זענען איבער מדינה נאָך מדינה, און צו די האַרן פון פאָלק
נאָך פאָלק; מדינה נאָך מדינה לויט איר כתב, און פאָלק
נאָך פאָלק לויט זיין לשון; אין נאָמען פון דעם מלך
אַחשוורוש איז דאָס געשריבן געוואָרן, און געכאַסמעט גע־
וואָרן מיט דעם זיגלרינג פון דעם מלך. יג און בריוו זענען

צעשיקט געוואָרן דורך די לויפערס צו אַלע מדינות פון
דעם מלך, צו פאַרטיליקן, צו הארגענען און אומצוברענ־
גען אַלע יידן, פון יונג ביז אַלט, קליינע קינדער און ווייבער,
אין איין טאָג, אין דעם דרייצענטן טאָג פון דעם צוועלפטן
חודש, דאָס איז דער חודש אָדר, און צו פּלינדערן זייער זאַק־
רויב. יד די אָפּשריפט פון דער שרייבונג זאָל געגעבן ווערן
פאַר אַ געזעץ אין יעדער מדינה נאָך מדינה, עס זאָל אַנט־
פּלעקט זיין פאַר אַלע פעלקער, זיי זאָלן זיין אָנגעברייט אַף
דעמדאָזיקן טאָג.
טו די לויפערס זענען אַרויסגעגאַנגען געאיילט מיט דעם
באַפעל פון דעם מלך, און דאָס געזעץ איז געגעבן געוואָרן
אין דער קרוינשטאָט שושן; און דער מלך און המן האָבן
זיך אַנידערגעזעצט צו טרינקען, און די שטאָט שושן איז
געווען צעטומלט.

---

# ד

א און מרדכי האָט געוואוסט אַלץ, וואָס עס איז געטון גע־
וואָרן, און מרדכי האָט צעריסן זיינע קליידער, און האָט
זיך אָנגעטון אַ זאַק מיט אַש, און ער איז אַרויסגעגאַנגען
אינמיטן דער שטאָט, און האָט געשריגן אַ גרויס און ביי־
טער געשריי. ב און ער איז געקומען ביז פאַר דעם מלכס
טויער; וואָרן קיינער האָט נישט געטאָרט אַריינקומען אין
טויער פון דעם מלך אָנגעטון אין אַ זאַק.
ג און אין יעדער מדינה נאָך מדינה, אַף דעם אָרט, וואו
סע האָט דערגרייכט דער באַפעל פון דעם מלך און זיין

געזעץ, איז געווען גרויס טרויער ביי די יידן, און פאַסטן און
געוויין און קלאָג; זאַק און אַש האָבן אַסך זיך אונטער־
געבעט.
ד און געקומען זענען אסתּרס מיידלעך און אירע קאַ־
מערדינער און זיי האָבן עס איר דערציילט; און די מלכּה
איז זייער פאַרציטערט געוואָרן. און זי האָט געשיקט קליי־
דער אָנצוטון מרדכין און אַראָפּצונעמען זיין זאַק פון אים;
נאָר ער האָט נישט אָנגענומען. ה און אסתּר האָט גערופן
התכן, איינעם פון די קאַמערדינער פון דעם מלך, וואָס ער
האָט אים געשטעלט פאַר איר, און זי האָט אים געגעבן אַ
באַפעל פונוועגן מרדכין, געוואָר צו ווערן וואָס דאָס איז,
און פונוועגן וואָס דאָס איז.
ו און התך איז אַרויסגעגאַנגען צו מרדכין אין דעם אָפע־
נעם שטאָטפּלאַץ, וואָס איז געווען פאַר דעם טויער פון דעם
מלך. ז און מרדכי האָט אים דערציילט אַלץ, וואָס סע האָט
אים געטראָפן, און דעם באַטרעף פון זילבער, וואָס המן
האָט צוגעזאָגט אָפּצואוועגן פאַר די שאַצקאַמערן פון דעם
מלך, פאַר די יידן, זיי אומצוברענגען. ח אויך די אָפּשריפט
פון דעם געשריבענעם געזעץ, וואָס איז געגעבן געוואָרן
אין שושן, זיי צו פאַרטיליקן, האָט ער אים געגעבן, צו ווייזן
דאָס אסתּרן, און איר צו דערציילן; און איר צו באַפעלן,
צו קומען צו דעם מלך, אים צו בעטן און צו פאַרלאַנגען
פון אים פאַר איר פאָלק.
ט און התך איז געקומען און האָט דערציילט אסתּרן
די רייד פון מרדכין. י און אסתּר האָט געזאָגט צו התכן,
און זי האָט אים געגעבן אַ באַפעל צו מרדכין: יא אַלע
קנעכט פון דעם מלך, און דאָס פאָלק פון דעם מלכס

מדינות ווייסן, אַז יעדער, מאַן אָדער פרוי, וואָס קומט צו
דעם מלך אין דעם אינעווייניקסטן הויף, ווען מע ווערט נישט
גערופן, איין געזעץ איז פאַר דעם: געטייט צו ווערן; סיידן
אַז דער מלך שטרעקט אויס צו אים די גילדענע רוט, און
דער בלייבט לעבן; און איך בין נישט גערופן געוואָרן צו
קומען צו דעם מלך שוין דרייסיק טעג.

יב און זיי האָבן דערציילט מרדכין אסתּרס רייד.
יג און מרדכי האָט געהייסן צו ענטפערן אסתּרן: דו זאָלסט
נישט מיינען אין דיין זעל, אַז דו, פון אַלע יידן, וועסט
אַנטרינען אין דעם הויז פון דעם מלך. יד וואָרן אויב שווייגן
וועסטו שווייגן אין דערדאָזיקער צייט, וועט אַ דערלייכטע־
רונג, און די רעטונג, אופשטיין פאַר די יידן פון אַן אַנדער
אָרט, און דו און דיין פאָטערס הויז וועלן פאַרלוירן ווערן;
און ווער ווייסט, אויב נישט פאַר אַ צייט ווי דידאָזיקע
האָסטו דערגרייכט צו קיניגלעכקייט!

טו און אסתּר האָט געהייסן צו ענטפערן מרדכין:
טז גיי, זאַמל צונויף אַלע יידן, וואָס געפינען זיך אין שושן,
און טוט פאַסטן פאַר מיר, און איר זאָלט נישט עסן און
נישט טרינקען דריי טעג, נאַכט און טאָג; אויך איך און
מיינע מיידלעך וועלן אַזוי פאַסטן; און אַזוי וועל איך קומען
צו דעם מלך, וואָס עס איז נישט לויט דעם געזעץ; און
ווי איך בין פאַרלוירן, בין איך פאַרלוירן. יז און מרדכי איז
אַוועקגעגאַנגען און האָט געטון אַלץ אַזוי ווי אסתּר האָט אים
געבאָטן.

---

# אסתּר

## ה

א און עס איז געווען אַף דעם דריטן טאָג, און אסתּר האָט
זיך אָנגעטון קיניגלעך, און זי האָט זיך געשטעלט אין דעם
אינעווייניקסטן הויף פון דעם מלכס הויז, אַנטקעגן דעם
הויז פון דעם מלך; און דער מלך איז געזעסן אַף זיין קיניג־
לעכן שטול אין דעם קיניגלעכן הויז, אַנטקעגן דער טיר
פון דעם הויז. ב און עס איז געווען, ווי דער מלך האָט
דערזען, די מלכּה אסתּר טוט שטיין אין דעם הויף, האָט
זי געפונען חן אין זיינע אויגן; און דער מלך האָט אויסגע־
שטרעקט צו אסתּרן די גילדענע רוט, וואָס איז געווען אין זיין
האַנט. און אסתּר האָט גענענט, און זי האָט אָנגערירט דעם
קאָפּ פון דער רוט. ג און דער מלך האָט געזאָגט צו איר:
וואָס איז דיר, קיניגן אסתּר? און וואָס איז דיין באַגער? ביז
אַ האַלבער מלוכה — און סע וועט דיר געגעבן ווערן.
ד און אסתּר האָט געזאָגט: אויב דעם מלך טוט וואוילגע־
פעלן ווערן, לאָז היינט קומען דער מלך און המן צו דער
סעודה, וואָס איך האָב געמאַכט פאַר אים. ה און דער מלך
האָט געזאָגט: איילט גיך המנען, צו טון דעם באַפעל פון
אסתּרן.

און דער מלך און המן זענען געקומען צו דער סעודה,
וואָס אסתּר האָט געמאַכט.

ו און דער מלך האָט געזאָגט צו אסתּרן ביי דער סעודה
פון וויין: וואָס איז דיין פאַרלאַנג? און סע וועט דיר גע־
געבן ווערן; און וואָס איז דיין באַגער? — ביז אַ האַלבער
מלוכה, און סע וועט געטון ווערן. ז און אסתּר האָט גע־

ענטפערט און זי האָט געזאָגט: מיין פאַרלאַנג און מיין באַ־
גער, ח אויב איך האָב געפונען לייטזעליקייט אין די אויגן
פון דעם מלך, און אויב דעם מלך טוט וואוילגעפעלן ווערן
צו באַוויליקן מיין פאַרלאַנג, און צו טון מיין באַגער, — לאָז
קומען דער מלך און המן צו דער סעודה, וואָס איך וועל
מאַכן פאַר זיי, און מאָרגן וועל איך טון ווי דער באַפעל פון
דעם מלך.

ט און המן איז אַרויסגעגאַנגען יענעם טאָג פריילעך און
מיט אַן אויפגעלייגט האַרץ. ווי אָבער המן האָט דערזען
מרדכין אין טויער פון דעם מלך און ער האָט זיך נישט אופ־
געשטעלט און האָט זיך נישט גערירט פאַר אים, דאָ איז
המן געוואָרן פול מיט גרימצאָרן אַף מרדכין. י נאָר המן
האָט זיך איינגעהאַלטן, און ער איז געקומען צו זיך אַהיים;
און ער האָט געשיקט, און מע האָט געבראַכט זיינע פריינט
און זיין ווייב זרש. יא און המן האָט פאַר זיי דערציילט די
פראַכט פון זיין עשירות, און די גרויסקייט פון זיינע זין, און
אַלץ וויאַזוי דער מלך האָט אים געגרויסט, און וויאַזוי ער
האָט אים דערהויבן איבער די האַרן און די קנעכט פון דעם
מלך. יב און המן האָט געזאָגט: פאַרוואָר, די מלכה אסתּר
האָט נישט געלאָזט קיינעם ברענגען מיט דעם מלך צו
דער סעודה, וואָס זי האָט געמאַכט, נייערט מיך; און אויך
אַף מאָרגן בין איך גערופן צו איר מיט דעם מלך. יג נאָר
דאָס אַלץ גייט מיר נישט איין, כּל־זמן וואָס איך טו זען
מרדכי דעם יידן זיצן אין טויער פון דעם מלך. יד און גע־
זאָגט האָט צו אים זרש זיין ווייב, און אַלע זיינע פריינט:
לאָז מען מאַכן אַ תּליה, פופציק איילן הויך, און אינדערפרי
טו זאָגן דעם מלך, אַז מע זאָל אופהענגען מרדכין אַף איר.

# אסתר

דערנאָך קום מיט דעם מלך אַ פרײלעכער צו דער סעודה. און די זאַך איז װאױלגעפעלן געװאָרן המנען, און ער האָט געמאַכט די תּליה.

---

## ו

א אין יענער נאַכט איז פאַרװאָגלט געװאָרן דער שלאָף פון דעם מלך. און ער האָט געהײסן, מע זאָל ברענגען דאָס ספר־הזכרונות פון די טאָג־געשעעניש, און זײ זענען געלײענט געװאָרן פאַר דעם מלך. ב און עס איז געפונען געװאָרן פאַרשריבן װאָס מרדכי האָט דערצײלט פונװעגן בגתנאן און תרשן, די צװײ קאַמערדינער פון דעם מלך, פון די, װאָס היטן די שװעל, װאָס האָבן געזוכט אױסצושטרעקן אַ האַנט אַף דעם מלך אַחשװרוש. ג און דער מלך האָט געזאָגט: װאָסער כבוד און גרױסקײט איז מרדכין דערפאַר אָנגעטון געװאָרן? און די יונגען פון דעם מלך, זײנע באַדינער, האָבן געזאָגט: עס איז פאַר אים נישט געטון געװאָרן קײן זאַך. ד און דער מלך האָט געזאָגט: װער איז אין הױף?

און המן איז געקומען אין דעם אױסנװײניקסטן הױף פון דעם מלכס הױז, צו זאָגן דעם מלך, מע זאָל אופהענגען מרדכין אַף דער תּליה, װאָס ער האָט אָנגעברײט פאַר אים. ה און די יונגען פון דעם מלך האָבן צו אים געזאָגט: זע, המן שטײט אין הױף. און דער מלך האָט געזאָגט: לאָז ער אַרײנקומען. ו און המן איז אַרײנגעקומען. און דער מלך האָט צו אים געזאָגט: װאָס דאַרף מען טון מיט דעם מענטשן, װאָס דער מלך װיל אים טײער האַלטן? — און

המן האָט זיך געזאָגט אין זיין האַרצן: וועמען וועט דער
מלך וועלן אָנטון כבוד מער איידער מיר? ז און המן האָט
געזאָגט צו דעם מלך: אַ מענטשן, וואָס דער מלך וויל אים
טייער האַלטן, ח זאָל מען ברענגען אַ קיניגלעך קלייד,
וואָס דער מלך איז געווען מיט אים באַקליידט, און אַ פערד,
וואָס דער מלך איז אַף אים געריטן, און וואָס מע האָט אָרופּ־
געטון אַ קיניגלעכע קרוין אַף זיין קאָפּ. ט און לאָז געגעבן
ווערן דאָס קלייד און דאָס פערד דורך דער האַנט פון איי־
נעם פון די איידעלע האַרן פון דעם מלך, און מע זאָל
אָנטון דעם מענטשן, וואָס דער מלך וויל אים טייער
האַלטן, און מע זאָל אים מאַכן רייטן אַף דעם פערד אין
דעם אָפענעם שטאָטפּלאַץ, און מע זאָל אויסרופן פאַר אים:
אַזוי ווערט געטון דעם מענטשן, וואָס דער מלך וויל אים
טייער האַלטן. י און דער מלך האָט געזאָגט צו המנען:
אייל דיך, נעם דאָס קלייד און דאָס פערד, אַזויווי דו האָסט
גערעדט, און דו טו אַזוי מרדכין, דעם ייד, וואָס זיצט אין
טויער פון דעם מלך; לאָז נישט פאַלן קיין זאַך פון דעם
אַלעמען, וואָס דו האָסט גערעדט. יא און המן האָט גענו־
מען דאָס קלייד און דאָס פערד, און ער האָט אָנגעטון
מרדכין, און ער האָט אים געלאָזט רייטן אין דעם אָפענעם
שטאָטפּלאַץ, און ער האָט אויסגערופן פאַר אים: אַזוי
ווערט געטון דעם מענטשן, וואָס דער מלך וויל אים טייער
האַלטן.

יב און מרדכי האָט זיך אומגעקערט צו דעם טויער פון
דעם מלך. און המן האָט זיך אַוועקגעאיילט צו זיך אַהיים,
טרויעריק און מיט אַ פאַרדעקטן קאָפּ. יג און המן האָט
דערציילט זיין ווייב זרש און אַלע זיינע פריינט אַלץ, וואָס

אים האָט געטראָפן. דאָ האָבן צו אים געזאָגט זיינע חכמים
און זרש, זיין ווייב: אויב מרדכי, פאַר וועמען דו האָסט
אָנגעהויבן פאַלן, איז פון די זוימען פון די יידן, וועסטו נישט
באַשטיין קעגן אים, נייערט פאַלן וועסטו פאַר אים.
יד זיי רעדן נאָך מיט אים, און די קאַמערדינער פון דעם
מלך האָבן גענעענט, און זיי האָבן זיך געאײַלט צו ברענגען
המנען צו דער סעודה, וואָס אסתּר האָט געמאַכט.

---

# ז

א און דער מלך און המן זענען געקומען צו טרינקען מיט
דער מלכּה אסתּר. ב און דער מלך האָט געזאָגט צו אסתּרן
אויך אַף דעם צווייטן טאָג ביי דער סעודה פון וויין: וואָס
איז דיין פאַרלאַנג, קעניגין אסתּר? — און סע וועט דיר גע־
געבן ווערן; און וואָס איז דיין באַגער? — ביז אַ האַלבער
מלוכה, און סע וועט געטון ווערן. ג און געענטפערט האָט
די מלכּה אסתּר און זי האָט געזאָגט: אויב איך האָב גע־
פונען לייטזעליקייט אין דיינע אויגן, אָ מלך, און אויב דעם
מלך טוט וואוילגעפעלן ווערן, זאָל מיר געגעבן ווערן מיין
לעבן אַף מיין פאַרלאַנג, און מיין פאָלק — אַף מיין באַגער.
ד וואָרן מיר זענען פאַרקויפט געוואָרן, איך און מיין פאָלק,
צו ווערן פאַרטיליקט, צו ווערן געהאַרגעט און צו ווערן אומ־
געבראַכט. און ווען מיר וואָלטן פאַר קנעכט און פאַר
דינסטן פאַרקויפט געוואָרן — וואָלט איך געשוויגן; נאָר
דער באַדרענגער איז נישט ווערט דעם שאָדן פון דעם מלך.

# אסתר

ה דאָ האָט געזאָגט דער מלך אַחשוורוש, און געזאָגט
האָט ער צו דער מלכּה אסתּר: ווער איז דאָס דער, און וואו
איז דאָס דער, וואָס האָט זיך דערוועגט צו טון אַזוי? ו און
אסתּר האָט געזאָגט: אַ מענטש, אַ באַדרענגער און אַ פּיינט,
דערדאָזיקער בייזער המן! און המן איז דערשראָקן געוואָרן
פאַר דעם מלך און דער מלכּה.

ז און דער מלך איז אופגעשטאַנען אין זיין גרימצאָרן
פון דער סעודה פון וויין (און איז אַריין) אין גאָרטן פון דעם
פּאַלאַץ; און המן איז געבליבן שטיין צו בעטן פאַר זיין
לעבן ביי דער מלכּה אסתּר, וואָרן ער האָט געזען, אַז סע
האָט זיך אויסגעלאָזט אַף אים דאָס שלעכטס פון דעם מלך.
ח און דער מלך האָט זיך אומגעקערט פון דעם גאָרטן פון
פּאַלאַץ אין דעם הויז פון דער וויין־סעודה; ערשט המן
פאָלט אַף דעם בעט, וואָס אסתּר איז אַף דעם געווען. און
דער מלך האָט געזאָגט: צי וויל ער אויך באַצווינגען די
מלכּה ביי מיר אין הויז? דאָס וואָרט איז אַרויס פון דעם
מלכס מויל, און המנס פּנים איז פאַרדעקט געוואָרן. ט און
געזאָגט האָט חרבונה, איינער פון די קאַמערדינער פאַר דעם
מלך: דאָ איז אויך די תּליה, וואָס המן האָט געמאַכט פאַר
מרדכין, וואָס האָט גערעדט גוטס פונוועגן דעם מלך, זי
שטייט אין המנס הויז, פּופציק איילן הויך. און דער מלך
האָט געזאָגט: הענגט אים אוף אַף איר! י און מע האָט
אופגעהאַנגען המנען אַף דער תּליה, וואָס ער האָט אָנגע־
ברייט פאַר מרדכין. און דער גרימצאָרן פון דעם מלך האָט
זיך איינגעשטילט.

---

# אסתר

## ח

א אין יענעם טאָג האָט דער מלך אַחשוורוש אַוועקגעגע־
געבן דער מלכּה אסתּר דאָס הויז פון המנען, דעם באַדרענ־
גער פון די יידן. און מרדכי איז געקומען פאַר דעם מלך,
וואָרן אסתּר האָט אים דערציילט וואָס ער קער איר אָן.
ב און דער מלך האָט אַראָפּגענומען זיין זיגלרינג, וואָס ער
האָט צוגענומען ביי המנען, און האָט אים געגעבן מרדכין.
און אסתּר האָט געזעצט מרדכין איבער דעם הויז פון המנען.
ג און אסתּר האָט נאָך ווייטער גערעדט פאַר דעם מלך,
און זי איז געפאַלן פאַר זיינע פיס, און זי האָט געוויינט און
אים געבעטן אָפּצוטון המן דעם אגגיס בייזוויליקייט, און
די טראַכטונגען זיינע, וואָס ער האָט געטראַכט אַף די יידן.
ד און דער מלך האָט אויסגעצויגן צו אסתּרן די גילדענע
רוט; און אסתּר איז אופגעשטאַנען און זי איז געבליבן
שטיין פאַר דעם מלך. ה און זי האָט געזאָגט: אויב דעם
מלך טוט וואוילגעפעלן ווערן, און אויב איך האָב געפונען
לייטזעליקייט פאַר זיין אָנגעזיכט, און די זאַך איז רעכט־
פאַרטיק פאַר דעם מלך, און איך בין וואוילגעפעלן אין
זיינע אויגן, לאָז געשריבן ווערן, אומצוקערן די בריוו, די
טראַכטונג פון המנען, דעם זון פון המדתאן, דעם אַגגי,
וואָס ער האָט געשריבן, אומצוברענגען די יידן, וואָס זענען
אין אַלע מדינות פון דעם מלך. ו וואָרן וויאַזוי וועל איך
קענען צוזען דאָס שלעכטס, וואָס וועט טרעפן מיין פאָלק?
און וויאַזוי וועל איך קענען צוזען, אַז סע וועט פאַרלוירן
ווערן מיין שטאַם?

# אסתר

ז און דער מלך אַחשוורוש האָט געזאָגט צו דער מלכּה
אסתּר און צו מרדכין, דעם ייִד: זע, המנס הויז האָב איך
געגעבן פאַר אסתּרן, און אים האָט מען אופגעהאַנגען אַף
דער תּליה, דערפאַר, וואָס ער האָט אויסגעשטרעקט זיין
האַנט אַף די ייִדן. ח און איר שרייבט פונוועגן די ייִדן ווי
סע טוט וואוילגעפעלן וערן אין אייערע אויגן, אין נאָמען
פון דעם מלך, און פאַרזיגלט דאָס מיט דעם זיגלרינג פון
דעם מלך; וואָרן אַ שרייבונג, וואָס איז געשריבן געוואָרן
אין נאָמען פון דעם מלך, איז נישט אומצוקערן.
ט און עס זענען גערופן געוואָרן די שרייבער פון דעם
מלך, אין יענער צייט, אין דעם דריטן חודש, דאָס איז דער
חודש סיוון, אין דעם דריי־און־צוואַנציקסטן פון אים; און
עס איז געשריבן געוואָרן אַלץ אַזוי ווי מרדכי האָט געבאָטן
צו די ייִדן, און צו די שטאַטהאַלטער און די פּאַשאָס און די
האַרן פון די מדינות, וואָס זענען געווען פון הודו ביז קיין
כּוש, הונדערט זיבן און צוואַנציק מדינות, מדינה נאָך מדינה
לויט איר כּתב, און פאָלק נאָך פאָלק לויט זיין לשון,
און צו די ייִדן לויט זייער כּתב, און לויט זייער לשון.
י און ער האָט געשריבן אין נאָמען פון דעם מלך אַחשוורוש,
און ער האָט פאַרזיגלט מיט דעם זיגלרינג פון דעם מלך,
און ער האָט צעשיקט בריוו דורך די לויפערס אַף פערד,
רייטערס אַף לויפפערד, און מוילאייזלען און יונגע פערד,
יא אַז דער מלך האָט דערלויבט די ייִדן, וואָס זענען אין יע־
דער שטאָט נאָך שטאָט, צו פאַרזאַמלען זיך, און צו שטעלן
זיך פאַר זייער לעבן, צו פאַרטיליקן, צו האַרגענען און אומ־
צוברענגען דאָס גאַנצע חיל פון דעם פאָלק און דער
מדינה, וואָס וועט באַדרענגען זיי, די קליינע קינדער און

ווייבער, און צו פלינדערן זייער זאַקרויב, יב אין איין
טאָג, אין אַלע מדינות פון דעם מלך אַחשוורוש, אין דעם
דרייצענטן טאָג פון דעם צוועלפטן חודש, דאָס איז דער
חודש אָדר. יג די אָפּשריפט פון דער שרייבונג זאָל געגעבן
ווערן פאַר אַ געזעץ אין יעדער מדינה נאָך מדינה, אַנט־
פלעקט פאַר אַלע פעלקער, און די יידן זאָלן זיין אָנגעברייט
אַף דעמדאָזיקן טאָג, צו נעמען נקמה פון זייערע פיינט.

יד די לויפערס, וואָס זענען געריטן אַף די לויפפערד,
אַף די מוילאייזלען, זענען אַרויס געאײַלט און גיך אַף דעם
באַפעל פון דעם מלך; און דאָס געזעץ איז אַרויסגעגעבן
געוואָרן אין דער קרוינשטאָט שושן.

טו און מרדכי איז אַרויסגעגאַנגען פאַר דעם מלך אין אַ
קיניגלעך קלייד פון בלוי און ווייס, און מיט אַ גרויסער גיל־
דענער קרוין, און אין אַ מאַנטל פון ווייסער וואָל און פור־
פור; און די שטאָט שושן האָט געיובלט און זיך געפרייט.
טז ביי די יידן איז געווען ליכטיקייט און פריידיקייט און
לוסטיקייט און הערלעכקייט. יז און אין יעדער מדינה נאָך
מדינה, און אין יעדער שטאָט נאָך שטאָט, דאָס אָרט, וואו
סע האָט געגרייכט דער באַפעל פון דעם מלך, און זיין גע־
זעץ, איז געווען פריידיקייט און לוסטיקייט ביי די יידן, אַ
סעודה און אַ יום־טוב. און אַסך פון צווישן די פעלקער פון
לאַנד זענען געוואָרן יידן, וואָרן דער פחד פון די יידן איז
געפאַלן אַף זיי.

---

## אסתר

# ט

א און אין דעם צוועלפטן חודש, דאָס איז דער חודש אָדר,
אין זיין דרייצענטן טאָג, ווען סע האָט זיך דערנעענטערט,
דער באַפעל פון דעם מלך און זיין געזעץ זאָלן געטון ווערן,
אין דעם טאָג, וואָס די פיינט פון די יידן האָבן געהאָפט
צו געוועלטיקן איבער זיי, און ער איז געוואָרן פאַרקערט,
אַז זיי, די יידן, זאָלן געוועלטיקן איבער זייערע פיינט;
ב האָבן די יידן זיך פאַרזאַמלט אין זייערע שטעט, אין אַלע
מדינות פון דעם מלך אַחשוורוש, אויסצושטרעקן אַ האַנט
אַף די, וואָס האָבן באַגערט אַף זיי שלעכטס; און קיינער
איז נישט באַשטאַנען אַנטקעגן זיי, וואָרן זייער פחד איז
געפאַלן אַף אַלע פעלקער. ג און אַלע האַרן פון די מדינות,
און די שטאַטהאַלטער און די פּאַשאַס, און די פאַרוואַלטער,
וואָס זענען ביי דעם מלך, האָבן דערהויבן די יידן, וואָרן דער
פחד פון מרדכין איז געפאַלן אַף זיי. ד וואָרן מרדכי איז
געווען גרויס אין הויז פון דעם מלך, און זיין שם איז געגאַנ־
גען אין אַלע מדינות; וואָרן דער מענטש מרדכי איז גע־
שטיגן און איז געוואָרן גרעסער. ה און די יידן האָבן גע־
שלאָגן צווישן אַלע זייערע פיינט די שלאָג פון שווערד און
הריגה און אומברענגונג, און זיי האָבן געטון מיט זייערע
שונאים, ווי זייער ווילן איז געווען.

ו און אין דער קרוינשטאָט שושן האָבן די
יידן געהאַרגעט און אומגעבראַכט פינף הונדערט

מענטשן. ז און
פרשנדתאָ, און
דלפון, און
אַספתאָ, ח און
פּורתאָ, און
אַדליאָ, און
אַרידתאָ, ט און
פרמשתאָ, און
אַריסי, און
אַרידי, און
וויזתאָ י די צען

זין פון המנען, דעם זון פון המדתאן, דעם באַדרענגער פון
די יידן, האָבן זיי געהאַרגעט; און אין דעם זאַקרויב האָבן
זיי נישט אויסגעשטרעקט זייער האַנט.
יא אין יענעם טאָג איז די צאָל פון די געהאַרגעטע אין
דער קרוינשטאָט שושן געבראַכט געוואָרן פאַר דעם מלך.
יב און דער מלך האָט געזאָגט צו דער מלכּה אסתּר:
אין דער קרוינשטאָט שושן, האָבן די יידן געהאַרגעט און
אומגעבראַכט פינף הונדערט מענטשן, און די צען זין פון
המנען; אין די אַנדערע מדינות פון דעם מלך — וואָס שוין
האָבן זיי געטון! דאָך וואָס איז דיין פאַרלאַנג? — און סע
וועט דיר געגעבן ווערן; און וואָס נאָך איז דיין באַגער? —
און סע וועט געטון ווערן. יג און אסתּר האָט געזאָגט:
אויב דעם מלך טוט וואוילגעפעלן, לאָז געגעבן ווערן
די יידן, וואָס זענען אין שושן, צו טון אויך מאָרגן

ווי עס איז דאָס געזעץ פון היינט, און די צען זין פון
המנען זאָל מען אופהענגען אַף דער תּליה. יד און דער
מלך האָט געהייסן, אַזוי זאָל געטון ווערן; און עס
איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ געזעץ אין שושן, און
די צען זין פון המנען האָט מען אופגעהאַנגען. טו און
די יידן, וואָס זענען געווען אין שושן, האָבן זיך פאַרזאַמלט
אויך דעם פערצענטן טאָג פון דעם חודש אָדר, און זיי האָבן
געהאַרגעט אין שושן דריי הונדערט מענטשן; און אין
דעם זאַקרויב האָבן זיי נישט אויסגעשטרעקט זייער האַנט.
טז און די איבעריקע יידן, וואָס זענען געווען אין די
מדינות פון דעם מלך, האָבן זיך פאַרזאַמלט, און האָבן זיך
געשטעלט פאַר זייער לעבן, און האָבן געהאַט רו פון זייע־
רע פיינט, און האָבן געהאַרגעט צווישן זייערע שונאים פינף
און זיבעציק טויזנט — און אין דעם זאַקרויב האָבן זיי
נישט אויסגעשטרעקט זייער האַנט — יז אין דעם דריי־
צענטן טאָג פון חודש אָדר; און אין זיין פערצענטן האָבן זיי
געהאַט רו, און זיי האָבן אים געמאַכט פאַר אַ טאָג פון
סעודה און שמחה. יח און די יידן, וואָס זענען געווען אין
שושן האָבן זיך פאַרזאַמלט אין דעם דרייצענטן פון אים,
און אין זיין פערצענטן; און זיי האָבן געהאַט רו אין זיין
פופצענטן, און האָבן אים געמאַכט פאַר אַ טאָג פון סעודה
און שמחה. יט דעריבער מאַכן די יידן פון די אָפענע ער־
טער, וואָס זיצן אין די אָפענע שטעט, דעם פערצענטן טאָג
פון דעם חודש אָדר אַ טאָג פון שמחה און סעודה און יום־
טוב, און פון שיקן שלח־מנות איינער דעם אַנדערן.
כ און מרדכי האָט פאַרשריבן דידאָזיקע זאַכן, און ער
האָט געשיקט בריוו צו אַלע יידן, וואָס זענען געווען אין אַלע

מדינות פון דעם מלך אַחשוורוש, די נאָענטע און די ווייטע,
כא צו נעמען אַף זיך, אַז זיי זאָלן טון האַלטן דעם פערצענטן
טאָג פון אים, אין יעדן יאָר נאָך יאָר, כב ווי טעג, וואָס די
יידן האָבן אין זיי געהאַט רו פון זייערע פיינט, און דער
חודש, וואָס איז פאַר זיי פאַרקערט געוואָרן פון קומער אַף
שמחה, און פון טרויער אַף יום־טוב, צו מאַכן זיי פאַר טעג
פון סעודה און שמחה, און פון שיקן שלח־מנות איינער דעם
אַנדערן, און מתּנות צו אָרימעלייט.

כג און די יידן האָבן אָנגענומען צו טון, וואָס זיי האָבן
אָנגעהויבן, און וואָס מרדכי האָט צו זיי געשריבן; כד וואָרן
המן, דער זון פון המדתאן, דעם אַגגי, דער באַדרענגער פון
אַלע יידן, האָט געטראַכט קעגן די יידן, זיי אומצוברענגען,
און ער האָט געוואָרפן פור, דאָס איז דער גורל, זיי צו פאַר־
טומלען און זיי אומצוברענגען; כה אָבער, אַז זי איז גע־
קומען פאַר דעם מלך, האָט ער געהייסן דורך אַ בריוו, מע
זאָל אומקערן זיין בייזע טראַכטונג, וואָס ער האָט געטראַכט
אַף די יידן, אַף זיין אייגענעם קאָפּ, און מע זאָל אופהענגען
אים און זיינע זין אַף דער תּליה. כו דעריבער האָבן זיי
אָנגערופן דידאָזיקע טעג פורים, אַף דעם נאָמען פון דעם
פור; איבערדעם, פונוועגן די אַלע רייד פון דעמדאָזיקן בריוו,
און וואָס זיי האָבן געזען דורך דעם, און וואָס אַף זיי איז
געקומען, כז האָבן די יידן באַשטימט, און גענומען אַף
זיך, און אַף זייערע קינדער, און אַף אַלע, וואָס האָבן זיך
באַהעפט אָן זיי, און דאָס זאָל נישט איבערגעטרעטן ווערן,
זיי זאָלן טון מאַכן דידאָזיקע צוויי טעג, ווי עס איז געשריבן
וועגן זיי, און לויט זייער צייט אין יעדן יאָר נאָך יאָר. כח און
דידאָזיקע טעג זאָלן געדענקט ווערן און געהאַלטן ווערן אין

# אסתר

יעדן דור נאָך דור, משפחה נאָך משפחה, מדינה נאָך מדינה, און שטאָט נאָך שטאָט; און דידאָזיקע טעג פון פורים זאָלן נישט איבערגעטרעטן ווערן פון צווישן די יידן, און זייער געדעכעניש זאָל נישט אופהערן פון זייערע קינדער.

כט און די מלכּה אסתּר, די טאָכטער פון אַביחילן, און
מרדכי, דער ייד, האָבן געשריבן מיט דער גאַנצער שטאַר־
קייט, צו באַפעסטיקן דעמדאָזיקן צווייטן בריוו פון דעם
פורים. ל און ער האָט געשיקט בריוו צו אַלע יידן, צו די
הונדערט און צוואַנציק מדינות פון אַחשוורושעס מלוכה,
רייד פון שלום און אמת, לא צו באַפעסטיקן דידאָזיקע טעג
פון פורים אין זייערע באַשטימטע צייטן, אַזויווי מרדכי, דער
ייד, און די מלכּה אסתּר האָבן באַפעסטיקט אַף זיי, און
אַזויווי זיי האָבן גענומען אַף זיך, און אַף זייערע קינדער,
די באַפעלן וועגן די תּעניתים און זייער געשריי. לב און
אסתּרס באַפעל האָט באַפעסטיקט די רייד וועגן דעמדאָ־
זיקן פורים; און דאָס איז פאַרשריבן געוואָרן אין אַ ספר.

---

## י

א און דער מלך אַחשוורוש האָט אַרויפגעלייגט צינז אַף
דעם לאַנד, און אַף די אינזלען פון ים. ב און אַלע טואונגען
פון זיין שטאַרקייט און מאַכט, און די אויסדערציילונג פון
דער גרויסקייט פון מרדכין, וואָס דער מלך האָט אים גע־
מאַכט גרויס, זיי זענען דאָך פאַרשריבן אין דעם ספר פון

# אסתר

די טאָג־געשעענישן פון די מלכים פון מדי און פרס. ג וואָרן מרדכי, דער ייד, איז געווען דער שני־למלך פון אַחשוורושן, און גרויס ביי די יידן, און אָנגענומען ביי די מיינסטע פון זיינע ברידער; ער האָט געזוכט גוטס פאַר זיין פאָלק, און האָט גערעדט שלום פאַר אַלע זיינע זוימען.



# אַרײַנפֿיר

## אָנמערקונגען
## און
## דערקלערונגען
## צו
# איכה

# אַריינפיר

דאָס ספר איכה, וואָס ווערט אָנגערופן אַף דעם ערשטן וואָרט, מיט וואָס סע הייבט זיך אָן דאָס ערשטע קאַפיטל, און אויך דאָס צווייטע און פערטע קאַפיטל, ווי מיר געפינען אין תנ״ך אַסך ספרים אַף דעם נאָמען פון דעם ערשטן וואָרט, ווערט אויך אָנגערופן קינות.

דאָס וואָרט „איכה״ איז געווען, קאָן זיין, דאָס אָנגענומענע אַריינפיר־וואָרט צו קלאָגלידער. פאַרגלייך דעם איינדרוקפולן רעפריין פון פאַרצווייפ־לונג: „איך נפלו גבורים״, וואָס ווערט דריימאָל איבערגעחזרט אין דודס קינה אַף שאולס און יונתנס טויט (שמואל ב׳ א, יט—כז); „איכה היתה לזונה קריה נאמנה!״ (ישעיה א, כא).

לויט דער מסורה איז דאָס ספר געשריבן געוואָרן פון דעם נביא ירמיה. אין איכה, ווי אין תנ״ך בכלל, איז פונוועגן דעם נישטאָ קיין שום וואָרט. אין בבא בתרא, דף יד, ווערט געבראַכט וועגן די עלעגיעס, וואָס זענען גערופן געוואָרן קינות, אַז „ירמיה האָט אָנגעשריבן זיין ספר און דאָס ספר קינות״. אין דער סעפטואַגינטאַ און אין דער וואולגאַטע קומען די קינות, ווי דאָס ספר ווערט דאָרט אָנגערופן, גלייך נאָך דעם ספר ירמיה. אין דער סעפטואַגינטאַ איז צוגעגעבן צו די קינות אַזאַ אַריינפיר: „און עס איז געווען נאָך דעם ווי מע האָט די בני־ישראל אַוועקגעפירט אין געפענגעניש, און ירושלים איז חרב געוואָרן, איז ירמיה געזעסן און האָט געוויינט, און ער האָט געקלאָגט דאָס קלאָגליד אַף ירושלים, און ער האָט געזאָגט: וויאַזוי...״

מעגלעך, אַז דאָס וואָרט „קינה״, מיט וואָס סע ווערט אָנגערופן דודס קלאָגליד אַף שאולס און יונתנס טויט, (שמואל ב׳ א, יז), האָט גורם געווען דעם נאָמען קינות אַף דעם ספר. מעגלעך אויך, אַז דאָס נעמט זיך פון דעם וואָרט „קינה״, וואָס געפינט זיך אין ירמיה ז, כט; ט, ט און יט; דברי הימים ב׳ לה, כה.

טייל פאָרשער רעכענען, אַז דאָס, וואָס די מסורה שרייבט צו דאָס ספר איכה ירמיהון, נעמט זיך פון דעם פסוק אין דברי הימים, וואו סע ווערט דערציילט, אַז ירמיה האָט באַקלאָגט דעם טויט פון דעם מלך יאשיהו, וואָס איז געהאַרגעט געוואָרן אין אַ שלאַכט מיט פרעה נכו לעבן מגידו. זיי רעכענען, אַז ירמיהס קלאָגליד איז דאָס קאַפיטל ד אין איכה. מיר לייענען: „און ירמיה האָט באַ־

קלאָגט יאשיהון; און זינגער און זינגערנס האָבן גערעדט פון יאשיהון אין זייערע קינות, ביז אַף היינטיקן טאָג; און מע האָט זיי געמאַכט פאַר אַ חוק ביי יידן. און זע, זיי זענען פאַרשריבן אין די קינות". (דברי הימים ב' לה, כה).

פון דעם איז געדרונגען, אַז ס'איז אַמאָל געווען אַ זאַמלונג קלאָגלידער. „וואָרן קיינער וועט דאָך נישט זאָגן, אַז די רייד זענען פאַרשריבן אין אַ ספר, וואָס איז נישט געווען און איז נישטאָ", (בערנפעלד). דאָרט זענען מסתמא אויך געווען די קלאָגלידער אַף יאשיהוס טויט, און צווישן זיי — אויך ירמיהס קלאָגליד. דידאָזיקע זאַמלונג, וואָס קאָן נישט פאַרביטן ווערן מיט דעם ספר איכה, וואָרן אין איכה געפינט זיך בלויז איין פסוק, וואָס קאָן זיך באַציען אַף יאשיהון, (זע אין די דערקלערונגען: ד, כ), איז נישט איבערגעגאַנגען צו אונזערע טעג.

דער יוסיפון איז דער ערשטער, וואָס דערמאָנט די קינות אַף דעם טויט פון יאשיהון: „דער נביא ירמיה האָט געמאַכט אַ קינה אים צו באַקלאָגן, וואָס אין פאַרבליבן ביז אַף היינט". (אַנטיקוויטעטן, בוך 10, קאַפּיטל 5). דער יוסיפון באַציט זיך דאָס מסתמא אַף דעם, וואָס סע ווערט דערציילט אין דברי הימים. (זע אויבן). היות אויסער איכה, איז אין תנ"ך נישטאָ קיין אַנדערע זאַמלונג פון קלאָגלידער, ווערט דעריבער אָנגענומען, אַז דער יוסיפון באַציט זיך אַף די קינות אין איכה. די השערה ווערט אָבער לייכט פאַרוואָרפן, בעת מע באַטראַכט דעם אינהאַלט פון די קינות. וואָרן ווי געזאָגט איז פאַראַן בלויז איין פסוק (ד, כ), וואָס קאָן זיך באַציען אַף דעם רעפאָרמאַטאָר, דעם מלך יאשיהו.

אין די פינף קאַפּיטלען פון איכה ווערט באַקלאָגט דער חורבן ירושלים פון דעם יאָר 586, פאַר דער איצטיקער צייט־רעכענונג. די בילדער גיבן איבער די חורבנות פון שטאָט און לאַנד, פון דעם בית־המקדש, די פּאַלאַצן און די וואוינונגען. די שטראָף, וואָס איז באַפאַלן דעם מלך און זיינע האַרן, די כוהנים און די נביאים, די יונגען און די יונגפרויען, די מוטערס און די קינדער און די זייגעוודיקע. בילדער פון פיין און עלנט, פון הונגער און דאָרשט; דער לעסטערנדיקער שונא, דער באַלאַגערער און באַדרענגער, וואָס שווינט נישט קיינעם און נישט קיין זאַך; די „ליבהאָבער", די שכנישע פעלקער, וואָס פרייען זיך אַף ציונס בראָך, און שפּאָטן פון איר. די עלעגיעס ענדיקן זיך מיט גרויס בטחון אין גאָט, און מיט אַ געבעט, אַז גאָט זאָל צוזען די פיין און זיך דערבאַרעמען אַף זיין פאָלק, און אַז ער זאָל באַנייען די טעג פון אַמאָל. (זע די פאָרבאַמערקונגען צו די קאַפּיטלען).

אַלע פינף קאַפּיטלען, וואָס יעדעס איינע איז אַן אָפּגעשלאָסן ליד פאַר זיך, זענען פון איין כאַראַקטער. דורך אַלע גייט דורך אַ שטאַרקער עמאָציאָנעלער געפיל, ווי מע טרעפט אין די נבואות פון ירמיהן. דאָ פעלט אָבער

די װענדונג צו דעם זינדיקן פֿאָלק מיט דעם „װאָרט פֿון גאָט". דער נביא, דער מקונן, װי אײנער, װאָס האָט אַלײן צוגעזען די פּײן, גיסט אױס זײן ביטער געמיט אַף דעם בראָך פֿון זײן פֿאָלק.

טײל בילדער פֿון דעם אומגליק, װאָס איז באַפֿאַלן די ייִדן, זענען אפשר געװען פּונקט אַזױ, בעת פּרעה נכו האָט אָנגעמאַכט אַ חורבן אין לאַנד. די מײנסטע בילדער אין איכה זענען אָבער אַזױנע װי מיר געפֿינען אין די צײטן פֿון צדקיהון פֿאַר דעם חורבן, בעת די באַלאַגערונג האָט געבראַכט הונגער, יונגע קינדער האָבן געחלשט פֿון הונגער (איכה ב, יא—יב און כ; ד, ד און ט; מלכים ב' כה, ג); די שטאָט װערט גענומען מיט שטורעם (איכה ב, ז; ד, יב; דברי הימים ב' לו, יז); דאָס בית־המקדש װערט פֿאַראומרײניקט מיט דערשלאָגענע כּוהנים, װאָס באַשיצן דאָס הײליקטום (איכה ב, כ—כא; דה"י ב' לו, יז), דאָס הײליקטום װערט חרב (איכה ב, ו; דה"י ב' לו, יט); די מױערן און פֿעסטונגען פֿון יהודה װערן צעשטערט, דער געזאַלבטער פֿון גאָט, אונטער װעמעס שאָטן מע װאָלט זיך געקאָנט באַשיצן, איז געפֿאַנגען (איכה ד, כ; ירמיה לט, ה); די פֿירער פֿון פֿאָלק װערן פֿאַרטריבן אין גלות (איכה א, ה; ב. ט; מלכים ב' טו, יא); דער שונא אדום פֿרײט זיך מיט יהודהס בראָך (איכה ד, כא; תהלים קלז, ז); אונטער דער געװעלטיקונג פֿון דעם שונא זענען די שבתים און יום־טובים פֿאַרשטערט און פֿאַרגעסן (איכה א, ד; ב, ו). עס איז נישט מעגלעך, אַז דאָס זאָל געװען זײן אין דער קורצער צײט, װאָס די מצריים זענען אַרײנגעדרונגען אין ירושלים. סײדן מע זאָל אָננעמען, אַז די בילדער זענען נבואות און װאָרענונגען פֿון דעם נביא.

די קלאָגלידער זענען געשריבן מיט דער לעבעדיקײט װי פֿון אײנעם, װאָס האָט צוגעזען דעם חורבן מיט זײנע אײגענע אױגן. און מע קאָן פֿרעגן: װער, אױב נישט ירמיהו, האָט געקאָנט שרײבן מיט אַזאַ רירנדיק געמיט, און מיט אַזאַ צוטרױ צו גאָט, װאָס איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר די קינות פּונקט װי פֿאַר די נבואות פֿון ירמיהו?

סײ אָבער די באַװײזן, אַז די קינות שטאַמען פֿון ירמיהו, און סײ די אײנװענדונגען קעגן דעם, זענען שטאַרק און קלאָר. און עד־היום זענען פֿאַראַן װעגן דעם חילוקי־דעות.

מיר װעלן גײן מיט אַ סדר. די באַװײזן, אַז די קינות שטאַמען פֿון ירמיהון, זענען:

ירמיה איז געװען דער, װאָס האָט דעם חורבן פֿאָרױסגעזאָגט. ער האָט געװאָרנט און געפֿאָדערט, מע זאָל זיך אונטערװאַרפֿן די כשדים און מיט דעם פֿאַרהיטן דעם חורבן. און בעת דער נביא האָט צוגעזען די ביטערע שטראָף, װאָס האָט זיך אױסגעלאָזט דורך גאָטס האַנט אַפֿן פֿאָלק, איז ער נאָך מער מיט־

געריסן געוואָרן. וואָרן ער, וואָס האָט דאָס פֿאָרויסגעזאָגט, האָט אַוודאי נישט געקאָנט צוזען און שווייגן. דער נביא האָט געגעבן אויסדרוק פֿאַר דעם ווייטיק, וואָס האָט פֿאַרצערט זיין האַרץ און דאָס האַרץ פֿון זיין פֿאָלק. האָט ירמיה, וואָס האָט געהאַט באַוויינט יאשיהוס טויט, געזאָלט שווייגן איצט, בעת אַף זיין פֿאָלק איז געקומען נאָך אַ גרעסערער חורבן?

דאָס אַלץ ווערט נאָך באַפֿעסטיקט, בעת מע פֿאַרגלייכט די נאָענטקייט פֿון טייל אויסדרוקן אין ירמיה און אין איכה.

ביי ביידן געפֿינען מיר דעם אויסדרוק „די יונגפֿרוי־טאָכטער פֿון יהודה" זיצט אין איר עלנט און שאַנד, (איכה א, טו; ב, יג; ירמיה יד, יז); אין ביידע ספֿרים גייט דורך דער העפֿטיקער השתפּכות־הנפֿש. דעם נביאס „אויגן רינען אַראָפּ מיט טרערן", (איכה א, טז; ב, יא; ג, מח—מט; ירמיה ט, יז; יג, יז; יד, יז); אַרומגערינגלט מיט שרעקן רונדאַרום (איכה ב, כב; ירמיה ו, כה; מו, ה); די זינד פֿון די נביאים און כּוהנים (איכה ב, יד; ד, יג; ירמיה ה, לא; יד, יג—יד); דער געשטראָפֿטער ווענדט זיך צו גאָט, ער זאָל זיך נוקם זיין (איכה א, כא; ג, סד—סו; ירמיה יא, כ); דער נביא פֿאַרקינדיקט אדומען, וואָס פֿרייט זיך אַף דעם יידישן חורבן, ער זאָל זיין גרייט אַף פּונקט אַזאַ שטראָף (איכה ד, כא; ירמיה מט, יב). פֿונוועגן דער נאָענטקייט פֿון אויסדרוקן אין ביידע ספֿרים, איז קלאָר, פֿאַרוואָס דער, וואָס האָט צונויפֿגעשטעלט איכה זאָל צושרייבן דאָס ספֿר ירמיהן.

אָבער אויך די איינווענדונגען קעגן דעם, אַז די קינות זענען פֿון ירמיהן, זענען קלאָר און שטאַרק.

א די פֿאָרם אין איכה איז אויסגעהאַלטן און איינהייטלעך. דער א"ב אַקראָסטיק גייט דורך דורך אַלע פֿינף קאַפּיטלעך. די דאָזיקע פֿאָרם פֿון פֿערז און אַקראָסטיק געפֿינען זיך נישט אין די נבואות פֿון ירמיהן. ב די טעמע ווערט איבערגעחזרט פֿינף מאָל. אַ ראיה, אַז זיי זענען געשריבן געוואָרן נישט פֿון איינעם, נאָר פֿון עטלעכע מענטשן.

ג דאָס געבעט, אַז אַפֿן שונא, די כשדים, זאָל קומען דאָס גאַנצע שלעכטס, נאָך זייערע מעשׂים נאָך (א, כא—כב; ג, נט—סו), דאָס איז קעגן ירמיהס שטעלונג צו די כשדים. ירמיה האָט געהאַלטן, אַז די כשדים זענען באַשטימט פֿון גאָט זיך נוקם צו זיין אין יהודה פֿאַר איר גרויסער זינד. ד אין ד, יז ווערט געזאָגט: „אין אויסקוקן האָבן מיר אויסגעקוקט אַף אַ פֿאָלק, (אַף די מצריים), וואָס קאָן נישט העלפֿן". ירמיה האָט אַלעמאָל געוואָרנט, מע זאָל זיך נישט פֿאַרלאָזן אַף מצרים, (ירמיה לז, ה—י). ה די פֿאַרזיכערונג אַף צדקיהון (ד, כ) איז דער היפּוך פֿון ירמיהס שטעלונג צו אים. (זע ירמיה כד, ח—י). ו וואָלט ירמיה געווען געשריבן די קינות, וואָלטן זיי אַריין אין זיין ספֿר. ז אַסך אויס־

דרוקן אין איכה זענען נאָענט צו די אויסדרוקן פון ישעיה: (איכה א, א מיט ישעיה מז, ח און וו.; נד, ד; איכה ג, ל מיט ישעיה נג, ו). ח נאָענטקייט מיט אויסדרוקן פון יחזקאל. „אַלע גלוסטיקע פון אויג" (איכה ב, ד מיט יחזקאל כד, טז, כא און כה); „גאָט האָט אויסגעלאָזט זיין צאָרן" (איכה ד, יא מיט יחזקאל ה, יג; ו, יב; יג, טו).

ווען די איינציקע לידער זענען געשריבן געוואָרן, און ווען זיי זענען צונויפגעשטעלט געוואָרן אין איין ספר, לאָזט זיך נישט פעסטשטעלן גענוי. צווישן פאָרשער פון תנ"ך הערשן וועגן דעם חילוקי־דעות. דרייווער רעכנט, אַז די אַלע קינות זענען געשריבן געוואָרן נישט שפּעטער פון דעם יאָר 550 פאַר דער איצטיקער צייטרעכענונג. א' און ג' זענען געשריבן געוואָרן גלייך נאָך ב' און ד' אַרום יאָר 586. לעהר און בודדע רעכענען, אַז ב' און ד' זענען די עלטסטע טיילן פון איכה. די גולי־בבל האָבן,ביים אומקערן זיך קיין ציון, מיטגעבראַכט די צוויי קאַפּיטלען, וואָס זענען זאַכלעך ענג פאַרבונדן צווישן זיך, און שטאַמען מסתמא פון איין מקונן. א' און ה', וואָס זענען פאַרשידן אין אינהאַלט, האָט מען צוגעגעבן, בעת מע האָט ווידער איינגעשטעלט די עבודה אָפּן באַרג ציון, אין די צייטן פון עזרא און נחמיה. קאַפּיטל ג' אָבער, איז ערשט צוגעשטעלט געוואָרן ביים סוף פון דער פּערזישער הערשאַפט, אַרום יאָר 325, בעת מע האָט פאַרגרעסערט די ערשטע תהלים־זאַמלונג. סע ווערט אָנגענומען, אַז דער מקונן פון קאַפּיטל ג' האָט מסתמא צונויפגעשטעלט אַלע פינף קאַפּיטלען און זיי אָפּגעשלאָסן אין איין ספר.

די ערשטע פיר קאַפּיטלען זענען א"ב אַקראָסטיקן, און — חוץ ג', וואָס שטאַמט פון אַסך אַ שפּעטערער צייט — ווערן זיי פאַררעכנט פאַר די עלטסטע א"ב לידער, וואָס געפינען זיך אין תנ"ך. די ערשטע צוויי קאַפּיטלען און די לעצטע צוויי האָבן צו 22 פסוקים, לויט דער צאָל אותיות פון דעם א"ב. א', ב' און ג' האָבן צו צוויי־און־צוואַנציק גלייכע סטראָפן, יעדע סטראָפע האָט דריי טאָפּלטע פערזן. די ערשטע שורה פון יעדן פערז האָט דריי הייבונגען, אַמאָל פיר, יעדע צווייטע שורה האָט צוויי הייבונגען, אַמאָל דריי. קאַפּיטל ג' האָט אַ דרייפאַכן א"ב אַקראָסטיק. אין ד' האָט יעדער פסוק, אָדער סטראָפע, בלויז צוויי טאָפּלטע פערזן. דאָס פינפטע קאַפּיטל, הגם סע האָט אויך צוויי־און־צוואַנציק פסוקים, ווי א' ב' און ד', איז אָבער נישט קיין א"ב אַקראָסטיק. יעדער פסוק אין ה' האָט צוויי פערזן. דער ערשטער פערז האָט פיר הייבונגען, דער אַנדערער פערז — דריי. דאָס גאַנצע קאַפּיטל צייכנט זיך אויס מיט אַ שלל פון גראַמען, און קאָן אין דעם פאַל פאַרגלייכט ווערן צו תהלים קכד. אין די ערשטע צוויי קאַפּיטלען חזרן זיך איבער טייל ווערטער פּאַראַלעל אין אַזאַ אָרדענונג: אַן אויסדרוק פון ערשטן פסוק ווערט איבערגעחזרט אין לעצטן

פסוק; אַן אויסדרוק פֿון צווייטן פסוק ווערט איבערגעחזרט אין פֿאַר־לעצטן פסוק. אַשטייגער: „די פּיל (רבתי) באַפֿעלקערטע" (א, א), וואָרן אַסך (רבות) זענען מײַנע זיפֿצן" (א, כב); „זי האָט ניט קיין טרייסטער ... פֿיינט" (אין־לה מנחם ... לאיבים) אין א, ב, „עס איז נישטאָ פֿאַר מיר קיין טרייסטער ... מײַנע פֿיינט" (אין מנחם לי ... אובי), אין א, כא. און אַזוי כסדר. (זע די פֿאַרבאַמערקונגען צו די קאַפּיטלען).

אין די קאַפּיטלען ב׳ ג׳ און ד׳ שטייט די פּ׳ פֿאַר דער ע׳. מעגלעך, אַז דער צוזאַמענשטעלער האָט איבערגעביטן די פסוקים צוליב לאָגישער פֿאַר־בינדונג. פֿאַראַן אַ סברא, אַז דאָס איז לויט דעם כאַלדייאישן א"ב סדר. רש"י מאַכט, אַז דאָס איז לגבי דעם, ווײַל יידן האָבן גערעדט מיטן מויל (פּה), וואָס זיי האָבן נישט געזען מיטן אויג (עין). ענלעכע אָפּווײַכונגען פֿון דעם א"ב סדר געפֿינען זיך אויך אין תהלים לד און קמה. דאָ ווערט אָבער דיזעלבע אָרדענונג איבערגעחזרט דרײַמאָל.

אין דעם לאַנגן גלות, אין די אומצייליקע פֿאָלקבראָכן, האָט קיין אַנדער ספֿר, אויסער תהלים, נישט געהאַט אַזאַ ווירקונג אויף דעם פֿאָלק ווי די קינות. דידאָזיקע קלאָגלידער, וואָס זענען געשריבן מיט טרערן און מיט בלוט, ווערן געלייענט, זינט די צײַטן פֿון אַמאָל, אין די שולן און אין די בתי־מדרשים ערב תשעה־באָב פֿאַרנאַכט, און תשעה־באָב אינדערפֿרי, פֿאַר אַ זכר אין חורבן בית־ראשון, און אויך אין בית־שני, וואָס איז חרב געוואָרן דעמזעלבן טאָג, מיט 656 יאָר שפּעטער. די קינות ווערן אויך געלייענט ביי יעדן גרויסן בראָך, וואָס באַפֿאַלט ערגעצוואו דאָס פֿאָלק, און ביי דער כותל־מערבי יעדע וואָך.



# א

דאָס ערשטע קאַפּיטל פון צוויי - און - צוואַנציק פּסוקים, לויט
דער צאָל אותיות פון דעם אַלף־בית, איז פונאַנדערגעטיילט אין צוויי
גלייכע טיילן. אין דעם ערשטן טייל, פון א—יא, קלאָגט דער מקונן
אַף דער איינזאַמקייט און אַף דעם חורבן ירושלים און אַף דעם עלנט
פון איר באַפעלקערונג. אירע ליבהאָבער — די פאַרבינדעטע — האָבן
געפעלשט אין איר; די וועגן טרויערן, און די טויערן זענען פאַר־
וויסט, וואָרן קיין עולי־רגל קומען נישט מער אַף קיין יום־טובים.
אין דעם צווייטן טייל, פון יב—כב, ווערט די שטאָט פּערזאָניפיצירט,
און זי אַליין קלאָגט אַף איר פּיין און לייד, וואָס גאָט האָט אַף איר
אַראָפּגעשיקט פאַר אירע זינד. דער סוף ענדיקט זיך מיט אַ געבעט
צו גאָט, ער זאָל זיך נוקם זיין אין די פיינט, וואָס פרייען זיך אַף
איר בראָך.

דאָס גאַנצע ליד איז אַן א״ב אַקראָסטיק. יעדער פּסוק, אויסער
א׳ און ז׳, איז פונאַנדערגעטיילט אין דריי טאָפּלטע פערזן. דער
ערשטער טייל פון יעדן פערז האָט מיינסטנס דריי הייבונגען, אַמאָל
פיר, דער צווייטער טייל פון דעם פערז האָט מייסטנס צוויי הייבונ־
גען, אַמאָל דריי. פּסוק א׳, וואָס איז געטיילט בלויז אין צווייען, ווי
די מיינסטע פּסוקים אין תנ״ך, איז דאָ אַ יוצא־מן־הכלל. פונוועגן דער
מעטרישער איינהייטלעכקייט אין דעם גאַנצן קאַפּיטל, פאַרוואַרפן
טייל פאָרשער און איבערזעצער די מסורה, און טיילן אויך דעם פּסוק
אין דריי גלייכע פערזן, ווי די אַלע אַנדערע פּסוקים זענען פונאַנ־
דערגעטיילט:

וויאַזוי איז געבליבן זיצן איינזאַם די שטאָט,
די פיל באַפעלקערטע!
זי איז געוואָרן ווי אַן אַלמנה —
די גרויסע צווישן די פעלקער!
די האַרנטע צווישן די לענדער —
זי איז געוואָרן צו צינז.

אין דעם און אין דעם אַנדערן קאַפּיטל חזרן זיך איבער טייל
ווערטער פּאַראַלעל אין אַזאַ אָרדענונג: אַן אויסדרוק פון ערשטן
פּסוק ווערט איבערגעחזרט אין לעצטן פּסוק; אַן אויסדרוק פון

# אַנמערקונגען און דערקלערונגען

צווייטן פסוק ווערט איבערגעחזרט אין פאַר־לעצטן פסוק. אַשטייגער: „די פיל (רבתי) באַפעלקערטע" (א), וואָרן אַסך (רבות) זענען מיינע זיפצן" (כב); „זי האָט נישט קיין טרייסטער... פיינט (אין לה מנחם... לאיבים), (ב); „עס איז נישטאָ פאַר מיר קיין טרייסטער... מיינע פיינט (אין מנחם לי... איבי) (כא). און אַזוי כסדר.

די אותיות ביי דער זייט פון די פערזן ווייזן אָן אַף דער צאָל פון די פסוקים; די אייבערשטע אותיות געהערן דער אַקראָסטיק פאָרם; יעדער אות ווייזט אָן דעם אות מיט וואָס דאָס ערשטע וואָרט אין אָריגינאַל הייבט זיך אָן.

א וויאַזוי — מיט דעם דעמדאָזיקן וואָרט, וואָס דריקט דאָ אויס פאַר־צווייפלונג, הייבן זיך אויך אָן די קאַפּיטלען ב און ד. סע קאָן זיין, אַז דאָס וואָרט וויאַזוי, אָדער ווי, איז געווען דאָס אָנגענומענע אַריינפיר־וואָרט צו קלאָג־לידער. פאַרגלייך: „איכה היתה לזונה קריה נאמנה!" (ישעיה א, כא). זע אויך: ישעיה יד, ד און יב; „איך אבדת נושבת מימים!" (יחזקאל כו, יז); זע אויך: תהלים עג, יט; קהלת ב, טז; און דעם איינדרוקפולן רעפריין פון פאַרצווייפלונג „איך נפלו גבורים", וואָס ווערט דריימאָל איבערגעחזרט אין דודס קינה אַף שאולס און יונתנס טויט (שמואל ב' א, יט—כז). מיט דעמ־דאָזיקן העברעאישן וואָרט איכה, מיט וואָס סע הייבן זיך אָן דידאָזיקע קינות, ווערט, ווי אַסך ספרים אין תנ"ך, אָנגערופן דאָס גאַנצע ספר.

די פיל באַפעלקערטע — די רייך באַפעלקערטע. אָדער: וואָס איז געווען פול מיט מענטשן.

איז געוואָרן צו צינז—אָדער: פאַרצינזט. זי איז געוואָרן פאַרקנעכט, פאַריאָכט. דאָס וואָרט צינז מיינט דאָ נישט קיין צאָלערן פון צינז, נייערט פאַרקנעכטונג, ווי מס־צינז אין בראשית מט, טו: „ויהי למס עובד"; זע אויך: דברים כ, יא; יהושע טז, י; יז, יג; שופטים א, כח—לה; ישעיה לא, ח. מס דורך געצוואונגענער אַרבעט. צו צינז — פון דעמזעלבן לשון ווי: צו שאַנד, צו שפּאָט, צום נאַר.

ב אירע ליבהאָבער — אירע פאַרבינדטע. די לענדער, וואָס זענען אין די גוטע צייטן, אין די צייטן פון שלום, געווען אין בונד מיט יהודה. דאָס ווערט געדרונגען פון ירמיה ד, ל; ל, יד; און דאָס זענען געווען די כשדים, אַרם, עמון און מואָב (מלכים ב', כד, ב); צור (יחזקאל כו, ב—ג); מצרים (יחזקאל יז, טז — יח; כט, ו); אדום (תהלים קלז, ז).

ג יהודה איז אַוועק אין גלות פונוועגן פיין — אָדער: יהודה האָט אויס־געוואַנדערט פונוועגן פיין — מיט דעם אייגענעם ווילן. דאָס באַציט זיך אַף

# אַנמערקונגען און דערקלערונגען

דעם אַנטלויפן פון יהודה, — דאָס פאָלק פון איבער דעם גאַנצן לאַנד, נישט נאָר פון ירושלים, — דאָס אַנטלויפן נאָך דעם חורבן אין די אַרומיקע לענדער אַריין, צו ראַטעווען זיך פון פיין און פון קנעכטשאַפט, וואָס זיי האָבן געליטן אין אייגענעם לאַנד פון די כשדים, און פריער פון מצרים. אין ירמיה מ, יא, ווערט דערציילט, אַז „אַלע יידן, וואָס זענען געווען אין מואָב, און צווישן די קינדער פון עמון, און אין אדום, און וואָס זענען געווען אין אַלע לענדער, האָבן געהערט, אַז דער מלך פון בבל האָט געלאָזט אַן איבערבלייבונג פון יהודה, און אַז ער האָט געזעצט איבער זיי גדליה בן־אחיקם..." זע אויך ירמיה מב און מג. אַן אַנדער טייטש:

יהודה איז פאַרטריבן געוואָרן פון פיין
און פון גרויסער קנעכטשאַפט.

יהודה איז פאַרטריבן געוואָרן קיין בבל פון פיין און קנעכטשאַפט, וואָס זי האָט געליטן אין אייגענעם לאַנד פון פרעה נכו, ווען ער האָט איינגענומען דאָס לאַנד אין יאשיהוס צייטן. די ערשטע טייטש אָבער, אַז יהודה איז אַוועק אין גלות פונוועגן פיין, און פונוועגן אַסך קנעכטשאַפט שטימט מער מיט די אַנדערע פערזן. דעמאָלט איז אויך דער לעצטער פערז אַלע אירע נאָכיאָגער האָבן זי דערגרייכט צווישן די געמאַרקן נישט קיין סתירה צו דעם מיטלסטן פערז זי זיצט צווישן די פעלקער. יהודה, וואָס האָט פאַרלאָזט דאָס לאַנד מיט דעם אייגענעם ווילן, געפינט נישט קיין רו צווישן די פעלקער, וואו זי זיצט, וואָרן אירע נאָכיאָגער, די כשדים, האָבן זי דערגרייכט אויך צווישן די אַנדערע פעלקער, וואָס זיי האָבן מנצח געווען.

ד די וועגן פון ציון טרויערן — ווייל זיי זענען פאַרלאָזן. סע טרעטן נישט מער אָף זיי קיין עולי־רגל, וואָס פלעגן קומען אָף די יום־טובים קיין ציון אין בית־המקדש אַריין. דערפאַר אויך זענען אירע טויערן וויסט. זע: ירמיה יד, ב.

וואָרן נישטאָ די, וואָס קומען אָף אַן איינזאַמלונג — אָדער: וואָרן קיינער קומט נישט אָף קיין איינזאַמלונג — אָף קיין יום־טוב. איינזאַמלונג — אָדער: איינזאַמל־אָרט. מועד קאָן זיך דאָ אויך באַציען אָף דעם בית־המקדש (ראַב"ע). פאַרגלייך: „און זיי האָבן פאַרברענט אַלע איינזאַמל־ערטער פון גאָט אין לאַנד" (תהלים עד, ח). זע ב, ו, וואו ביידע אויסדרוקן ווערן דערמאַנט.

יונגפרויען זענען פאַרטרויערט — די יונגפרויען ווערן דאָ דערמאָנט צוזאַמען מיט די כוהנים, וואָרן אויך זיי באַטייליקן זיך אין רעליגיעזע צערעמאָניעס. זע: שופטים כא, יט—כא; ירמיה לא, יב; תהלים סח, כו.

ה אירע באַדרענגער — אירע פאַרפאָלגער, צוררים. אין די קלאָגלידער גייען דורך דריי סינאָנימען פאַר פיינט: שונא, אויב, צר — שונא, פיינט, באַדרענגער.

# אַנמערקונגען און דערקלערונגען

זענען געוואָרן דער קאָפּ — דאָס הייסט: דערהויבן; זיי זענען געוואָרן עלטסטע. אַשטייגער: ער איז ביי זיי דער גאַנצער קאָפּ.

פאָרויס פאַר דעם באַדרענגער — די יונגע קינדער זענען געטריבן געוואָרן פאָרויס פאַר דעם באַדרענגער, דעם צורר, נישט ווי אַ הערט שאָף, וואָס גייט נאָך נאָך דעם פּאַסטעך, נייערט ווי שקלאַפן, וואָס מע טרייבט זיי אָף צו פאַרקויפן.

ו די גאַנצע הערלעכקייט — די מלכותדיקע פּראַכט. פּיין, פּורעניות און דערנידעריקונג האָבן פאַרנומען דעם פּלאַץ פון קעניגליכער דערהויבנקייט, פּראַכט און רייכקייט.

אירע האַרן זענען געוואָרן ווי די אינדן — וואָס ווערן געיאָגט, בעת יאַגד. סע ווערט אָנגענומען, אַז דאָס באַציט זיך אָף דער אַנטרינונג פון דעם מלך צדקיהו מיט זיינע קריגער, וואָס די כשדים האָבן זיי נאָכגעיאָגט און געכאַפּט ביי יריחו (מלכים ב׳ כה, ד—ו; ירמיה לט, ד—ה; נב, ז—ט).

ז אין די טעג — דאָס וואָרט אין, וואָס פעלט אין אָריגינאַל, ווערט אָבער פאַרשטאַנען, ווי אין כי ששת ימים עשה ה׳ (ראב״ע).

אירע וואָגלענישן — אָדער: אַנגסטן. זע: ג׳ יט.

אין דער האַנט — אָדער: דורך דער האַנט.

און קיינער האָט איר נישט געהאָלפן — אָדער: און קיין העלפער האָט זי נישט געהאַט.

אירע פאַרשטערונגען — וואָס זי איז פאַרשטערט פון אַרבעט פונוועגן איר חורבן. אַסך טייטשן: אירע שבתים. דער שבת, בעת יעדע אַרבעט ביי יידן האָט אופגעהערט, האָט ביי די פרעמדע געצנדינער אַרויסגערופן געלעכטער.

> דער פּסוק ז׳ האָט מער מיט אַ פערז ווי די אַלע אַנדערע פּסוקים אין דעם קאַפּיטל. לעהר און אַנדערע רעכענען דעריבער, אַז דער פערז אַלע אירע גלוסטיקייטן, וואָס זי האָט געהאַט פון די טעג פון אַמאָל איז אַן אויסטייטשונג און געהערט נישט אַהער. דעמאָלט איז אויך נישט נייטיק צוצוגעבן דעם „אין" צו דעם ערשטן פערז.

ח זינדיקן האָט געזינדיקט ירושלים — ירושלים האָט שווער געזינדיקט; זי האָט געהאַלטן אין איין זינדיקן. ווערטלעך: אַ זינד האָט געזינדיקט ירושלים.

ווי אַן אומריינע — ווי אַ פּרוי, וואָס האָט איר צייט. אָדער לויט תרגום: ווי אַ פאַרוואָגלערן — אַן אָפּגעזונדערטע, אַ פאַרוואָרפענע. אַזוי רש״י און ראב״ע, וואָס נעמען דאָס וואָרט לנידה פון לשון נע ונד. אזוי אויך די אויטאָריזירטע ענגלישע ווערזיע, וואָס גייט נאָך נאָך דער סעפּטואַגינטא און וואולגאַטע. דער טעקסט אָבער ווי אַן אומריינע, (פּאַרגלייך פּסוק יז),

וואָס איז אָנגענומען פון מאָדערנע קאָמענטאַטאָרס, (אַזוי אויך די איבערזעצונג פון דער דזשואיש פּאָבל. סאָסייעטי), פּאַסט זיך מער אַריין אין דעם גאַנצן בילד, און שטימט מיט דעם פּסוק ט: איר אומריינקייט איז געווען אין אירע שלעפּעס.

איר נאַקעטקייט — אָדער: איר שאַנד, ווי דאָס וואָרט ערותה ווערט ביי אונז געטייטשט. ירושלים, אין איר בראָך, איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן אין דער גאַנצער נאַקעטקייט צו שאַנד. פאַרגלייך: ד, כא. בעת בבל וועט אין טאָג פון בראָך אַרויסגעשטעלט ווערן צו שאַנד, זאָגט דער נביא: „סע וועט אָפּ־געדעקט ווערן דיין נאַקעטקייט, אויך וועט ווערן געזען דיין שאַנד״ (ישעיה מז, ג).

און האָט זיך געקערט אַהינטער — זי האָט זיך אויסגעדרייט פאַר בושה, די שכנים זאָלן נישט זען איר בראָך. פאַרגלייך: ישעיה מז, ה: „און דו פאַרקלייב דיך אין דער פינסטערניש, טאָכטער פון די כשדים!״ בעת זי וועט אָפּגעדעקט ווערן אין איר בראָך.

אין די פּסוקים ח—ט ווערט פאַרגעשטעלט דאָס פאָלק פון ירושלים ווי אַן אומריינע פרוי, וואָס איז פאַר איר גרויסער זינד אָפּגעדעקט געוואָרן און אַרויסגעשטעלט געוואָרן פאַר אַלע שכנים צו שפּאָט. זי אָבער זעט אײַן איר זינד, און קערט זיך אָפּ פאַר חרפה, וואָס זי איז אַזוי געפאַלן און איז געוואָרן ווי אַן אומריינע.

ט איר אומריינקייט איז געווען אין אירע שלעפּעס — אָדער: אין אירע קלייד־זוימען. די שלעפּעס, וואָס גיבן צו פאַרנעמקייט צו דעם גאַנצן בילד פון דער „האָרנטע צווישן די לענדער״ (א), זענען באַפלעקט, אַזוי, אַז אַלע קאָנען דאָס זען.

אַזוי האָט זי געגידערט געוואַלטיק — ווערטלעך: וואונדערלעך, אויסער־געוויינלעך; זי איז מוראדיק געפאַלן. ירושלים, וואָס האָט געטראָגט „צווישן די פעלקער״, איז געפאַלן צו דר׳ערד ווי אַ שקלאַף. דאָס נידערן, פאַלן, פאַר־גלייך צו דעם אַראָפּנידערן פון דער טאָכטער פון בבל און דער טאָכטער פון כשדים, ישעיה מז, א; אויך ירמיה מח, יח. דער איבערגאַנג צו ערשטער פּערזאָן אין לעצטן פערז, דריקט אויס געבעט און חרטה. דאָסזעלבע אין פּסוק יא.

י אירע גלוסטיקייטן — דאָס באַציט זיך אויף די הייליקע כלים פון דעם בית־המקדש. זע: דברי הימים ב׳ לו, י: „און ביים אומקער פון דעם יאָר האָט געשיקט דער מלך נבוכדנאצר, און האָט אים (יהויכינען) געלאָזט ברענגען קיין בבל מיט די גלוסטיקע כלים פון גאָטס הויז״. פאַרגלייך אויך מלכים ב׳ כה, יג—טו; ירמיה נב, יז—יט.

פעלקער זענען געקומען אין איר הייליקטום — אין קדשי־קדשים, וואו אַפילו יידן האָבן נישט געטאָרט אַריינקומען, אויסער דעם כוהן־גדול יום־כיפור.

די געצבנדינער, וואָס האָבן אַפילו נישט געטאָרט אַריינקומען אין היכל, „כל בן־נכר ערל לב וערל בשר לא יבוא אל מקדשי", יחזקאל מד, ט, האָבן זיך איצט אַריינגעריסן, אים צו פּלינדערן. דאָס איז ביי די יידן געווען די גרעסטע דערנידעריקונג.

זיי זאָלן נישט קומען אין דיין איינזאַמלונג — דאָס באַציט זיך אַף דעם „לא־יבוא עמוני ומואבי בקהל יהוה" (דברים כג, ד; נחמיה יג, א). זע דערקלערונג צו רות א, ד.

> פון דעם לעצטן פערז אין יא, ביז דעם סוף קאַפּיטל, אויסער פּסוק יז, וואו סע פאַלט אַריין דער מקונן, קלאָגט די שטאָט אַליין. ציון איז פּערזאָניפיצירט ווי אַ פרוי אין טיפן טרויער איבער דעם בראָך, וואָס איז זי באַפאַלן.

יא דאָס גאַנצע פאָלק אירס טוט זיפצן, זיי טוען זוכן ברויט — דאָ ווערט געמאָלן די טרויעריקע לאַגע פון דעם פאָלק גלייך נאָך דעם חורבן. די באַלאַגערונג האָט זיך געענדיקט, אָבער קיין דערלייכטערונג איז נישט געקומען. דער הונגער הערשט דרינען און דרויסן.

צו דערקוויקן דאָס לעבן — אָדער: די זעל. ווערטלעך: אומצוקערן דאָס לעבן, ווי אין שמואל א', ל, יב: „ותשב רוחו אליו", ד"ה, צוריקצוברענגען צום לעבן.

ווי — אָדער: וואָרן.

פאַראַכט — „זוללה" ווי אויבן אין ח „הזילוה", פון שורש זול, פטרן, פאַראַכטן, ביליק ווערן. אַן אַנדער טייטש: אַ פרעסערן, פון לשון זולל וסובא (ראב"ע), ווי אין תרגום. מעגלעך אויך: איך בין געוואָרן אַ פרעס — פאַר די אַרומיקע שונאים.

יב נישט פאַר אייך געדאַכט — באַהיט זאָלט איר זיין פון אַזאַ צרה (רש"י, ראב"ע). אַן אַנדער פאָרם: איז דאָס גאָרנישט ניט ביי אייך, איר אַלע פאַרבייגייער? אַזוי די אויט. ענג. ווערזיע, וואָס נעמט דעם זאַץ אינטעראָגאַטיוו. פריער, פון אָנהייב קערט זי זיך אָפּ פון בושה (זע ח), איצט בעט זי זיך, די פאַרבייגייער זאָל אַף איר קוקן און זען, צי איז נאָך ערגעץ פאַראַן אַזאַ ווייטיק. די ל', מיט וואָס סע הייבט זיך אָן דאָס ערשטע וואָרט פון דעם פערז אין אָריגינאַל, איז געשריבן קליין. אַן אָנדייטונג, ווייזט אויס, אַז נישט אַלץ איז דאָ גלאַט. לעהר האַלט, אַז דער אָנהייב פון דעם פערז איז פאַרלוירן געוואָרן.

> אין די דריי פּסוקים יג—טו זענען אָנגעהויפט בילדער פון צעשטערנדיקע כוחות און כלים: דאָס פייער, די נעץ, דער יאָך און דער קעלטער, וואָס האָבן חרב געמאַכט די שטאָט און אומגעבראַכט די שטאַרקע, די יונגען, און דאָס גאַנצע פאָלק פון יהודה.

יג ער האָט מיך אומגעקערט אַהינטער — **ער האָט מיך געטריבן אָף צוריק. דער זין איז דאָ נישט ווי אין פּסוק ח. זע דאָרט. דאָ האָבן מיר אַ בילד פון אַ פאַרשפּרייטער נעץ. יהודה, ווי אַ געיאָגטע חיה, זוכט זיך צו ראַטעווען. זי געפינט אָבער נישט קיין רעטונג פון דער נעץ, און זי ציט זיך צוריק, געטריבן פון שרעק און האָפנונגלאָזיקייט.**

יד פאַרקניפּט . . . אָף מיין האַלז — **יהודהס זינד זענען געגליכן צו גע־פלאָכטענע שטריק מיט וואָס גאָט האָט צוגעקניפּט דעם יאָך, די שטראָף פאַר די זינד, ווי אַן אַקערער בינדט צו דעם יאָך אָף דעם האַלז פון זיין אָקס.**

> **דער ווערב** נשקד (ניסקאַד) **מיט אַ שין שמאלית, מיט וואָס דער פּסוק הייבט זיך אָן, געפינט זיך בלויז דאָ, און איז פון צווייפלהאַפטער באַדייטונג. לעהר און אַנדערע נעמען דאָס וואָרט לויט מדרש און טייל כתב־ידן, וואו סע שטייט** נשקד (נישקאַד), **פון שקד, מיט אַ שין ימנית, וואָס מיינט וואַכן, היטן. און דאָס צווייטע וואָרט** עול — **יאָך ווערט געביטן אָף** על—איבער. **מיט** זיין האַנט **ווערט פאַרבונדן מיט דעם אַנדערן טייל פון דעם פערז. דעמאָלט לייענט זיך:** וואַך איז געהאַלטן געוואָרן איבער מיינע פאַרברעכנס, דורך זיין האַנט זענען זיי געפלאָכטן.

טו גאָט האָט פאַרוואָרפן — **אָדער**: צעטרעטן.

ער האָט גערופן קעגן מיר אַן איינזאַמלונג — **ער האָט באַשטימט אַ יום־טוב פאַר דעם שונא (פאַרגלייך: יחזקאל לט, יז—כ) אין זיין נצחון איבער** מיינע יונגען, **איבער דעם יידישן חייל.**

אַ קעלטער האָט גאָט געטרעטן פאַר דער יונגפרוי־טאָכטער — **אָדער**: ווי אין אַ קעלטער האָט גאָט געטרעטן די יונגפרוי־טאָכטער. „**טרעטן דעם קעלטער" ווערט אָפט גענוצט פאַר דעם אויסדרוק פון גאָטס גרימצאָרן. פאַרגלייך ישעיה סג, ב—ג.**

טז אָף דעם טו איך וויינען — **די איינצלהייטן פון דעם בראָך, וואָס איז באַפאַלן ירושלים, געמאָלן אין די פערזן פון דעם לעצטן פּסוק, רופן ביי איר אַרויס אַ נייעם שטראָם טרערן.**

מיין אויג, מיין אויג נידערט אַראָפּ מיט וואַסער — **דאָס אויג צעגייט אין טרערן.** נידערט אַראָפּ, **אָדער**: רינט אַראָפּ. **אַן אַנדער טייטש**: מיין אויג, מיין אויג נידערט אַראָפּ וואַסער — **די אויגן וויינען אָן אופהער. זע**: ג, מח. **פאַרגלייך דעם פאַלקסטימלעכן אויסדרוק**: „**ער וויינט זיך אויס די אויגן". דער טאָפּלטער אויסדרוק** מיין אויג **דריקט אויס באַדויערן און קומער. לויט אַנדערע איז דער צווייטער** עיני **אַ טעות פון דעם איבערשרייבער.**

# אַנמערקונגען און דערקלערונגען

אַ דערקוויקער פון מיין זעל — אָדער: וואָס זאָל דערקוויקן מיין זעל. זע באַמערקונג צו פסוק יא.

יז ציון טוט אויסשפּרייטן אירע הענט — אויסשפּרייטן די הענט איז דער צייכן פון געבעט. משה זאָגט צו פּרעהן: „איך וועל אויסשפּרייטן מיינע הענט צו גאָט, די דונערן זאָלן אויפהערן...", שמות, ט, כט און לג; זע אויך: מלכים א' ח, לח. אויסשפּרייטן די הענט איז אויך דער אויסדרוק פון צער ווי אין תרגום ווערט אויסגעטייטשט. אין דעם פסוק יז רעדט דער מקונן. פון יח, ביז סוף קאַפּיטל, קלאָגט ווידער ציון.

יח איך האָב ווידערגעשפּעניקט זיין מויל — זיין וואָרט, זיין געבאָט. פאַרגלייך: „דעם מלכס באַפעל (מויל) היט אָפּ!" (קהלת ח, ב).

יט מיינע ליבהאָבער — זע פסוק ב.
בעת זיי האָבן געזוכט — ווערטלעך: וואָרן זיי האָבן געזוכט.
זיי זאָלן דערקוויקן זייער לעבן — אָדער: זעל.

כ זע, גאָט — ירושלים איז פאָרט נישט אַליין אין איר גרויסן בראָך. „אירע ליבהאָבער" האָבן זי באַטריגן, די שטראָף איז גרויס, זי האָט זיך אָבער פאַר וועמען צו באַקלאָגן, און זי טוט האָפן צו גאָט, אַז די, וואָס לאַכן פון איר, וועלן נאָך אַליין טרינקען דעם ביטערן בעכער. זע כא.

מיינע אינגעווייד ברענען — אָדער: גליען, זענען רויט, זיי זענען אָנגעצונדן פון ווייטיקן, ווי „מיין פּנים איז רויט פון געוויין" איוב טז, טז.

אין הויז איז ווי דער טויט — דאָס פאַרגלייכוואָרט ווי איז נישט אינגאַנצן קלאָר. סיידן מע זאָל אָננעמען, אַז אין הויז איז דער טויט נישט ווי אינדרויסן, וואו סע פאַרלענדט די שווערד, נייערט סע גייען אַרום הונגעריקע שאָטנס, געגליכן צום טויט.

כא זיי האָבן געהערט — דאָ פּאַסט זיך מער די ווענדונג: שמע — הער דו, ווי איך טו זיפצן, ווי אין אייבערשטן פסוק כ: „זע, גאָט". מעגלעך, אַז שמעו — האָבן געהערט — איז אַסימילירט געוואָרן מיט דעם שמעו פון אַנדערן פערז.

ברענג דעם טאָג — ווען סע וועט קומען די שטראָף אָף די פיינט פון יהודה. פאַרגלייך ירמיהס נבואה (ירמיה כה, טו—כו), ווען אַלע פעלקער פון דער וועלט וועלן צוזאַמען טרינקען דעם כוס פון גאָטס גרימצאָרן. ברענג דעם טאָג — ווערטלעך: דו האָסט געבראַכט דעם טאָג. מעגלעך, אַז דער פערז באַציט זיך אָף דעם שלעכטס, וואָס גאָט האָט געבראַכט אָף ירושלים. דעמאָלט מוז געמאַכט ווערן אַן ענדערונג אין דעם טראַפּ, און די פערזן וועלן געבויט ווערן אַזוי:

## אַנמערקונגען און דערקלערונגען

אַלע מיינע פיינט האָבן געהערט, מיר איז שלעכט,
זיי האָבן זיך געפרייט, וואָרן דו האָסט עס געטון:
דו האָסט געבראַכט דעם טאָג, וואָס דו האָסט אָנגערופן.
לאָז זיי אָבער זיין ווי מיר.

לעהר און אַנדערע גייען ווייטער און שטעלן די שורה „דו האָסט געבראַכט" פאַר דער שורה „זיי האָבן זיך געפרייט". אין די ענגלישע איבערזעצונגען איז דער לעצטער פערז אָנגענומען אַזוי: דו וועסט ברענגען דעם טאָג, וואָס דו האָסט אָנגערופן, און זיי וועלן זיין גלייך צו מיר.

כב לאָז קומען פאַר דיר זייער גאַנצע שאָלקהאַפטיקייט — **באַמערק און זע זייער רשעות.**

וואָרן אַסך זענען מיינע זיפצן — **דער זין: איך בין שוין גענוג געשטראָפט געוואָרן. שטראָף איצט די, וואָס פרייען זיך אָף מיין בראָך, פאַר זייערע זינד.**

# ב

**דאָס צווייטע קאַפּיטל איז, ווי דאָס ערשטע, פונאַנדערגעטיילט אין צוויי טיילן. דער ערשטער טייל, פון א—י, איז אַ קלאָג אָף דער שטראָף, וואָס איז באַפאַלן די מלוכה און אירע האַרן, די שטאָט און איר פאָלק. אין דעם צווייטן טייל, פון יא—כב, וואָס איז מער פון לירישן כאַראַקטער, גיסט אויס דער מקונן זיין ווייטיק אָף דעם בראָך פון זיין פאָלק. די הויפּט שולד פון דעם חורבן פאַלט אָף די נביאי־השוא, וואָס „האָבן געזען זעאונגען פון פאַלשקייט און פאַרפירערישן" (יד). זיי וואָלטן געקאָנט פאַרמיידן דעם בראָך, ווען זיי וואָלטן נישט געגאַרט דאָס פאָלק מיט פאַלשע „לאָסטן", נבואות.**

**דאָס קאַפּיטל איז אַן א"ב אַקראָסטיק, ווי דאָס ערשטע און פערטע קאַפּיטל. יעדער פסוק האָט צו דריי טאָפּלטע פערזן, און טייל אויסדרוקן ווערן איבערגעחזרט אָף דעמזעלבן אופן ווי אין פריערדיקן קאַפּיטל. אין אָריגינאַל קומט דאָ די פּ' פאַר דער ע'. (זע אָריינפיר דער לירישער אויסגוס און די קאָנקרעטע בילדער ווייזן, אַז די קינה איז געשריבן געוואָרן פון איינעם, וואָס האָט אַליין צוגעזען דעם בראָך. אַסך אויסדרוקן זענען אין לשון און אין געדאַנק נאָענט צו די אויסדרוקן אין תהלים עד. (זע אין די דערקלערונגען). אַסך — זענען נאָענט צו טייל אויסדרוקן אין יחזקאל. סע ווערט דעריבער אָנגענומען, אַז דאָס קאַפּיטל איז געוואָרן אָפּגעשלאָסן אין דער צייט פון גלות־בבל.**

## אָנמערקונגען און דערקלערונגען

א וויאַזוי האָט גאָט פאַרוואָלקנט — אָדער: וויאַזוי טוט גאָט פאַרוואָל־קענען. דער מקונן זעט אין גאָטס צאָרן אַ וואָלקנבראָך, וואָס מאַכט פינסטער רונדאַרום. וועגן וויאַזוי זע דערקלערונג אין א, א.

די שיינקייט פון ישראל — דאָס בית־המקדש, וואָס ווערט אָנגערופן „דאָס הויז פון אונזער הייליקייט און שיינקייט" (ישעיה סד, י), אָדער די שטאָט: „והיתה בבל... תפארת גאון כשדים" (ישעיה יג, יט); מעגלעך אויך, אַז דאָס גייט אַרויף אַף דעם מלך און די פרינצן, וואָס זענען געווען די שיינקייט, די הערלעכקייט פון דעם פאָלק, וואָס האָבן געטראָגנט הויך, און גאָט האָט זיי אַראָפּגעוואָרפן, דערנידעריקט און פאַרשקלאַפּט. דוד רופט אָן שאולן און יונתנען אין זיין קינה אַף זייער טויט: „הצבי ישראל" (שמואל ב' א, יט).

זיין פוסבענקל — דאָס בית־המקדש. פאַרגלייך יחזקאל מג, ז, וואו גאָטס הויז ווערט אָנגערופן: „דאָס אָרט פאַר די טריט פון מיינע פיס"; זע תהלים צט, ה. מעגלעך אויך: דער אָרון־הקודש (תהלים קלב, ז).

ב גאָט האָט פאַרשלונגען — ער האָט אינגאַנצן צעשטערט.

אַלע וואוינונגען — די שטעטלעך און ישובים. דאָס באַציט זיך אַפן גאַנצן לאַנד יהודה. נאָות מיינט די וואוינונגען מיט די פיטערונג־פּלעצער פון פּאַס־טעכער. פאַרגלייך: „די וואוינונגען פון די פּאַסטעכער" (עמוס א, ב).

ער האָט צעפירט — אָדער: צעשטערט, איינגעריסן. זע יז. פאַרגלייך די פערזן ביז סוף פסוק מיט תהלים עד, ז.

די פעסטונגען — די שטעט, וואָס זענען געווען באַפעסטיקט מיט מויערן רונדאַרום.

ער האָט פאַרשוועכט די מלוכה — דעם מלך. מיט דעם צוזאַמענבארוך האָט די מלוכה, — דער מלך און די האַרן, וואָס זענען געווען געזאַלבט פון גאָט, — פאַרלוירן איר הייליקייט. פאַרגלייך ד, כ, וואו דער מלך, ווערט אָנגע־רופן „דער געזאַלבטער פון גאָט"; דוד רופט אָן שאולן „משיח יהוה" (שמואל א' כד, ז). רש"י מאַכט אַף ממלכה ושריה, דאָס איז דאָס פאָלק, וואָס ווערט אָנגערופן „„ממלכת כוהנים" (שמות יט, ו). וועגן דער הייליקייט פון מלכים, זע פרייזערס „גאָלדן באָו", ערשטן טייל.

ג דעם גאַנצן האָרן — די גאַנצע קראַפט. דער האָרן איז דער סימבאָל פון גבורה. גאָט האָט פאַרשניטן אַלע שטאַרקע, און ער האָט צוריקגעצויגן זיין רעכטע האַנט (פאַרגלייך: תהלים, עד, יא), זיין שוץ צו באַשירעמען קעגן פיינט. זע יז.

ער האָט געברענט אין יעקב — ער האָט געבראַכט צעשטערונג צווישן פאָלק. פאַרגלייך דעם אויסדרוק און דעם לעצטן פערז פון פסוק ד' מיט תהלים עד, א.

# אַנמערקונגען און דערקלערונגען

ד מיט זיין רעכטער האַנט — וואָס ער האָט אַלעמאָל אויסגעשטרעקט צו העלפן, שפּאַנט ער איצט זיין בויגן ווי אַ פיינט.

אַלע גלוסטיקע — אַלע טייערע, קינדער און דערוואַקסענע, וואָס זענען געווען ליב פאַרן אויג. לויט אַנדערע גייט דאָס אויף אַרויף אַף זאַכן, וואָס זענען געווען גלוסטיק פאַרן אויג. זע א, ז.

דערדאָזיקער מיטלסטער פּערז איז קירצער ווי די אַנדערע פּערזן. מעגלעך, אַז דער אַנדערער טייל פון דעם פּערז איז פאַרלוירן געוואָרן. (איך טייל דעם פּערז, לויט דער מסורה, אין צווייען). לעהר און אַנדערע פאַרבינדן דעם פּערז מיט דעם ערשטן טייל פון לעצטן פּערז:

און ער האָט געהאַרגעט אַלע גלוסטיקע פון אויג
אין דעם געצעלט פון דער טאָכטער פון ציון.

אויך אין צאינה וראינה ווערט געטייטשט לויט דערדאָזיקער אָרדענונג פון די פּערזן. לעהר רעכנט, אַז פון דעם לעצטן פּערז: ער האָט אויסגעגאָסן ווי אַ פייער זיין גרימצאָרן, פעלט דער אַנדערער טייל.

ה אירע פּאַלאַצן... זיינע פעסטונגען — אירע גייט אַרויף אַף דער שטאָט. וואָרן די פּאַלאַצן און גרויסע הייזער (ירמיה נב, יג) זענען אין שטאָט; זיינע גייט אַרויף אַף דעם פאָלק, אָדער לאַנד. וואָרן רעדט מען פון פעסטונגען, דאָס הייסט שטעט, איז דאָס נוגע דעם גאַנצן פאָלק, און דעם גאַנצן לאַנד. אַן ענלעכע ענדערונג פון די פּראָנאָמענס געפינען מיר אין הושע ח, יד: „און איך וועל שיקן אַ פייער אין זיינע שטעט, און סע וועט פאַרצערן אירע פּאַלאַצן".

קומער און יאָמער — אָדער: קומער און קלאָג. אין אָריגינאַל זענען ביידע ווערטער פון דעמזעלבן שורש, ווי אַשטייגער: יאָמער און געיאָמער. דיזעלבע קאָמבינאַציע פון ביידע ווערטער געפינט זיך אויך אין ישעיה כט, ב. באַמערק די אַליטעראַציע.

ו זייןביידל — זיין סוכה, דאָס בית־המקדש. „און אין שלם (אַן אָפּקירצונג פון ירושלים) איז זיין ביידל" (תהלים, עו, ג). דאָס בית־המקדש ווערט פאַרגלייכט צו אַ גאָרטן, וואָס ווערט געפּלינדערט.

איינזאַמלונג — יום־טוב. דאָסזעלבע וואָרט מועד, אויבן אין דעם פּסוק, איז טייטש: איינזאַמל־אָרט, דאָס בית־המקדש. זע: א, ד.

ער האָט פאַרוואָרפן — אָדער: פאַראָפּשייט, פאַראַכט; קיניג און כוהן — מיט דעם חורבן פון ירושלים האָט דער קיניג פאַרלוירן זיין מאַכט; מיט דעם חורבן פון דעם בית־המקדש — איז בטל געוואָרן די עבודה פון דעם כוהן.

# אָנמערקונגען און דערקלערונגען

ז די מויערן פון אירע פּאַלאַצן — **די ווענט פון דעם בית־המקדש. פּאַ־** לאַצן **באַציט זיך נישט דאָ אַף די קיניגלעכע פּאַלאַצן, ווי אין פּסוק ה. דאָ רעדט זיך בלויז פון דעם בית־המקדש.**

זיי האָבן געמאַכט קולות — **פּונקט ווי די יידן אין אַ יום־טוב, בעת דער עבודה. די פרייד פון דעם שונא אַף ציונס בראַך דערמאָנט דעם מקונן אָן דעם זינגען און שפּילן יום־טוב אין בית־המקדש. דאָס געקלאַנג, שפּילן אין די פּסח־טעג (תרגום). דער פּערז ווייזט, אַז דער מקונן, וואָס געדענקט די יום־טוב־טעג אין בית־המקדש, איז אַן עדות פון דעם חורבן. פאַרגלייך דעם פּערז מיט: „דיינע באַדרענגער האָבן געמאַכט קולות אין דער מיט פון דיין איינזאַמל־אָרט" (תהלים עד, ד).**

ח ער האָט געצויגן אַ מעסטשנור — **ער האָט אָנגעצייכנט צו צעשטערן. פאַרגלייך: „און איך וועל ציען איבער ירושלים די מעסטשנור פון שומרון" (מלכים ב' כא, יג). זע אויך: ישעיה לד, יא.**

פון צו פאַרדאַרבן — **ווערטלעך:** פון צו פאַרשלינגען.

וואַל און וואַנט — **פעסטונג און מויער. זע פּסוק ה, וואו סע רעדט זיך פון די שטעט און פּאַלאַצן. פאַרגלייך: ישעיה כו, א. באַמערק די אַליטעראַציע.**

ט איינגעזונקען אין דריערד זענען אירע טויערן — **עס איז גאָרנישט ניט פאַרבליבן פון זיי. פאַרגלייך: ב, ב.**

ער האָט צעשטערט — **אָדער:** ער האָט געמאַכט פאַרלירן. **ביז אַהער קלאָגט דער נביא אָפן חורבן פון דער שטאָט מיט דעם בית־המקדש און די פּאַלאַצן. אין דעם אַנדערן פּערז גייט ער איבער צו דעם בראַך, וואָס איז באַפאַלן דעם מלך און דאָס פאָלק.**

איר מלך און אירע האַרן זענען צווישן די פעלקער — **דאָס באַציט זיך אַף דעם מלך צדקיה מיט זיינע קריגער, וואָס זענען געכאַפּט געוואָרן נאָענט פון יריחו, און מע האָט זיי אַוועקגעפירט צו נבוכדנאצרן קיין רבלה (מלכים ב' ד, ו; ירמיה לט, ה).**

נישטאָ מער קיין תורה — **אָדער:** די תורה. **מיט דעם אונטערגאַנג פון דער מלוכה זענען אַסך דינים בטל געוואָרן. לויט טייל פאַרשער איז דער זין פון דעם פּערז, אַז צווישן די פעלקער, וואו דער מלך און די האַרן זענען פאַר־טריבן געוואָרן, איז נישטאָ די תורה. דעמאָלט דאַרף דער פּערז פאַרבונדן ווערן אַזוי:**

איר מלך און אירע האַרן זענען צווישן די פעלקער,
וואו ס'איז נישטאָ מער די תורה.

אירע נביאים האָבן . . . קיין זעאונג — **אין דעם טאָג פון חורבן. פאַר־גלייך: „עס איז נישטאָ מער קיין נביא", תהלים עד, ט; זע אויך: יחזקאל**

ז, כו. די נבואה האָט אויפגעהערט אַסך שפּעטער, ערשט אין דער צייט פון בית־שני. מעגלעך, אַז דאָס באַציט זיך אַף נביאים, וואָס זענען פאַרוואָגלט געוואָרן אין גלות, וואו זיי האָבן נאָך דעם חורבן נישט געפונען קיין זעאונג. מחמת פון גרויס עצבות האָט זיך אָפּגעטון פון זיי דער כוח־הדמיון. (רמב״ם אין מורה נבוכים).

, זיי האָבן אַראָפּגעלאָזט — **אָדער:** זיי האָבן געמאַכט נידערן.

**אין די פּסוקים י—יב זענען געמאָלן בילדער פון דער טרויער־ריקער לאַגע פון דעם פאָלק אין ירושלים נאָך דעם ווי דער שונא האָט חרב געמאַכט די שטאָט און דער מלך מיט די האַרן זענען פאַר־טריבן געוואָרן. מיט דעם פּסוק יא הייבט זיך אָן דער צווייטער טייל פון דעם קאַפּיטל. דאָס איז אַ לירישער אויסגוס פון דעם מקונן „אַף דעם בראָך פון דער טאָכטער פון מיין פאָלק״. ביז יז איז אַ קלאָג, וואָס ציון איז געוואָרן אַ געשפּעט פאַר דעם שונא.**

יא אויסגעגאָסן... איז מיין לעבער — **אָן אויסדרוק פון גרויסע גייס־טיקע ליידן. דאָסזעלבע ווי אויסגיסן דאָס האַרץ. זע פּסוק יט. פאַרגלייך: „גיסט אויס פאַר אים אייער האַרץ״, (תהלים סב, ט); „ער גיסט אויס אַף דר׳ערד מיין גאַל״ (איוב, טז, יג). די לעבער איז אַמאָל באַטראַכט געווען פאַר דעם פּלאַץ פון די געפילן, פּונקט ווי דאָס האַרץ, וואָס איז אויך באַטראַכט געווען פאַר דעם פּלאַץ פון וויסן און פאַרשטענדעניש. פאַרגלייך וועגן האַרץ: ג, כא; קהלת ב, א.**

גאַסן — **אָדער:** ברייטע פּלעצער.

יב קאָרן און וויין — **עסן און טרינקען.**

בעת סע ווערט אויסגעגאָסן זייער זעל — **בעת זיי הויכן אויס זייער לעבן.**

יג וואָס זאָל איך דיר ברענגען פאַר עדות? **אָדער:** וואָס זאָל איך דיר מעיד זיין? — **דער מקונן זוכט אַ טרייסט פאַר דער טאָכטער פון ירושלים, נאָר ער געפינט נישט. וואָרן וואָסער בראָך קאָן מען פאַרגלייכן צו איר בראָך, וואָס איז גרויס ווי דער ים, וואָס האָט נישט קיין מאָס? טייל פאַרשער פאַר־בייטן אַעידך אַף דעם וואָרט אַערך, ווי אין ישעיה מ, יח.**

יד דיינע נביאים האָבן פאַר דיר געזען פאַלשקייט — **די נביאי־השוא האָבן נישט געוואָלט אייגזען די געפאַרן, וואָס לאָקערן אַף דעם לאַנד יהודה. זיי האָבן דעם פאָלק פאַרויסגעזאָגט שלום, און זאַכן, וואָס גאָט האָט זיי נישט באַפוילן צו זאָגן** (ירמיה ו, יג—יד; ח, י—יא; כט, ח—ט; **יחזקאל יב, כד; יג, ו—י;** כב, כח), **דעריבער פאַלט די שולד אַף זיי (ירמיה יד, יד—טז; כג, יד—כב). די נביאי־השוא און שקר דאַרפן נישט צוגעגלייכט ווערן צו די**

נביאי־הבעל און אשרה אין שומרון (מלכים א׳ יח, יט—מ; מלכים ב׳ י, יט). די פאַלשע נביאים אין יהודה זענען געווען אומקאָמפּראָמיסלעכע פּאַטריאָטן, הגם ירמיה באַשולדיקט זיי אויך, אַז זיי טרייבן ניאוף (ירמיה כג, יד). זיי קאָנען בנוגע פּאַטריאָטיזם, פאַרגלייכט ווערן צו די קנאים, בעת דעם חורבן בית־שני.

אומצוקערן — אָפּצואווענדן. וואָלטן די נביאי־השוא נישט פאַרבלענדט דאָס פאָלק מיט פאַלשע האָפענונגען (ירמיה ו, יד; יד, יג; יחזקאל יג, י און טז), וואָלט דער חורבן אפשר אָפּגעווענדט געוואָרן.

לאַסטן — נבואות.

פאַרפירעניש — אָדער: פאַרשטויסעניש. נבואות, וואָס פאַרשטויסן פון רעכטן וועג (ראב״ע). פאַרגלייך: ירמיה כז, ט—טו, וואו דער נביא וואָרנט דאָס פאָלק, עס זאָל זיך נישט צוהערן צו די נביאי־השוא, וואָרן דער סוף וועט זיין, אַז גאָט וועט פאַרשטויסן די יידן פון זייער לאַנד.

טו סע האָבן געפּאַטשט . . . געצישעט און געשאָקלט זייער קאָפּ — אַלע אויסדרוקן אין דעם פּסוק דריקן אויס שפּאָט און פאַרוואונדערונג אָף ירושלימס חורבן. פאַרגלייך: מלכים ב׳ יט, כא; ישעיה לז, כב; ירמיה יח, טז; צפניה ב, טו; תהלים כב, ח; קט, כה.

וואָס מע האָט געזאָגט — לעהר און אַנדערע פאַרשער לאָזן אויס דאָס וואָרט „שיאמרו״ צוליב דעם מעטער און דער איינהייטלעכער פאָרם פון די פּסוקים. דער לעצטער פערז דאַרף זיך לייענען אַזוי:

איז דאָס די שטאָט, די גאַנצענע שיינקייט,<br>די פרייד פון דער גאַנצער ערד?

ציון ווערט אָנגערופן „די גאַנצענע שיינקייט, די פרייד . . .״ זע תהלים מח, ג; ג, ב. פאַרגלייך אויך: צור האָט געזאָגט: „איך בין די גאַנצענע שיינקייט״, יחזקאל כז, ג; כח, יב.

טז סע האָבן געעפנט אָף דיר זייער מויל — דאָס בילד דריקט אויס די פרייד פון דעם שונא, וואָס צישעט און קריצט מיט די ציין פון באַפרידיקטער שנאה. זע דעם ענלעכן פערז אין ג, מו; פאַרגלייך דעם אויסדרוק צו די אויסדרוקן אין תהלים כב, יד; לה, כא; און דאָס „קריצן מיט די ציין״ צו לה, טז; לז, יב; און דעם סוף פון דעם פּסוק — צו לה, כא.

די פ׳, מיט וואָס אין אָריגינאַל הייבט זיך אָן דאָס ערשטע וואָרט פון דעם פּסוק, קומט אין דעם קאַפּיטל, און אין די קאַפּ. ג און ד פאַר דער ע׳. מעגלעך, אַז די ענדערונג אין דעם א״ב־סדר איז געמאַכט געוואָרן צוליב דער לאָגישער פאַרבינדונג פון די פערזן. זע דעם אַריינפיר.

יז ער האָט אויסגעפּירט — ער האָט דערפילט, פאַרענדיקט; ווי אין ישעיה י, יב: „און סע וועט זיין, אַז גאָט וועט אויספירן זיין גאַנץ ווערק...״ דער ווערב מיינט ווערטלעך: אָפּשניידן, ד״ה: פאַרענדיקן.

וואָס ער האָט געבאָטן... אַמאָל — דער חורבן, אַף וואָס די שונאים פרייען זיך, איז נישט קיין צופאַל. ער איז געווען באַשטימט פון פריער. גאָט האָט איצט נאָר דערפילט וואָס ער האָט געבאָטן אין די אַמאָליקע טעג. דאָס באַציט זיך אַף די וואָרענונגען אָפּצוהיטן די געבאָטן. ויקרא כו, יד און ווייטער; דברים כח, טו און ווייטער.

צעשטערט — ווערטלעך: צעפּירט, איינגעריסן. זע ב.

ער האָט דערהויבן דעם האָרן פון דיינע באַדרענגער — ער האָט דעם שונא געמאַכט שטאַרק. דאָס פאַרקערטע, וואָס ער האָט געטון מיט דעם „האָרן פון ישראל״. זע ג. פאַרגלייך דעם אויסדרוק אין שמואל א׳ ב, א און י; תהלים פט, מג.

יח זייער האַרץ האָט געשריגן צו גאָט — דער פּראָנאָמען זייער באַציט זיך אַף די באַוואוינער פון ירושלים, און נישט אַף דעם שונא וועגן וועמען סע ווערט גערעדט אין דעם אייבערשטן פּסוק. מחמת דער פערז דריקט אויס דאָס געשריי פון איינעם, וואָס ווייטיקט, און וואָס בייטיקט זיך אין הילף און מיט־געפיל. פאַרגלייך: ירמיה כב, כ: „גיי אַרוף אַף דעם לבנון, און שריי... וואָרן צעבראָכן געוואָרן זענען אַלע דיינע ליבהאָבער״. זע אויך: כה, לו. היות אָבער דער פּראָנאָמען „זייער״ האָט נישט פריער קיין באַצי־וואָרט אַף וואָס דאָס זאָל אַרופגיין, טייטשן דעריבער אויס טייל מפרשים, אַז דאָס באַציט זיך אַף דעם לעסטערנדיקן שונא, וואָס שרייט מיט פרייד צו גאָט, ד״ה — ביזן הימל. עוואלד, לעהר און אַנדערע בייטן דאָס צייטוואָרט צעק — האָט געשריגן אַף באַפעל־פאָרם; צעקי—שריי אוף מיט דיין האַרץ.

האָט געשריגן צו גאָט — דאָס געבעט צו גאָט הייבט זיך ערשט אָן ווייטער, אין פּסוק כ. דאָ, אין דעם פערז, ווענדט זיך קודם דער מקונן צו דער מויער, זי זאָל מיטוויינען צו גאָט טאָג און נאַכט.

מויער — שטאָט. פאַרגלייך ז און ח, און די באַמערקונג צו ה. מויער קאָן אויך מיינען באַוואוינער, ווי דאָס וואָרט שער—טויער, וואָס ווערט אָפּט גענוצט אין העב. פאַר שטאָט, ד״ה — באַוואוינער: „וואָרן סע ווייסט דער גאַנצער טויער פון מיין פאָלק (רות ג, יא). אַנשטאָט חומת, לייען מיט אַנדערע: חומה, בת־ציון—מויער, טאָכטער פון ציון. דער מקונן פערזאָניפיצירט די מויער, וואָס האָט אַמאָל געשיצט די באַפעלקערונג קעגן שונא, און ווענדט זיך צו איר, זי זאָל אַראָפּנידערן טרערן ווי אַ טייך. וואָרן אויב זי קאָן מער נישט זיין קיין שוץ פאַר די באַוואוינער, ווייל זי איז צעשטערט און צעפּירט, קאָן זי אָבער מיט־

ווייַנען מיט זיי אַף דעם בראָך, וואָס איז געקומען אַף איר און אַף דער טאָכטער פון ציון. לויט באור און אַנדערע דאַרף אָנשטאָט חומת זיין בתולת, ווי אין פסוק יג. פאַרגלייך: „אם חומה היא" (שיר השירים ח, ט).

ווי אַ טייך — אָדער: ווי אַ שטראָם: אַ יאָגנדיק וואַסער באַרג אַראָפּ.

אַראָפּנידערן — אָדער: אַראָפּרינען.

אָפּרו — דאָס העב. וואָרט פוגת, וואָס איז דאָ די טייטש אָפּרו, מיינט פאַרשטאַרונג, פאַרכאַלעשונג. אַזוי דאָס צייטוואָרט: „ויפג לבו—און זיין האַרץ האָט געכאַלעשט (בראשית מה, כו), בעת מע זאָגט אָן יעקבן, אַז זיין זון יוסף לעבט. זע ג, מט, וואו דאָס וואָרט פון דעמזעלבן שורש איז די טייטש: „אָן אַן אופהער".

יט שריי אוף — יאָמער, קלאָג, בעט. „הייב נישט אוף קיין געשריי און קיין געבעט פאַר זיי" (ירמיה ז, טז). דאָס העב. וואָרט מיינט אויך געזאַנג (ישעיה יב, ו; ירמיה לא, ו—ז).

ביים — אָדער: אין.

ביים אָנהייב פון די נאַכטוואַכן — אַ גאַנצע נאַכט. אין די צייטן פון בית־המקדש האָבן יידן איינגעטיילט די נאַכט אין דריי טייל, אָדער וואַכן, אַשמורות. אַן אָנהייב־וואַך; אַ מיטנאַכט־וואַך (שופטים ז, יט); און אַ מאָרגן־וואַך (שמות יד, כד; שמואל א' יא, יא). אין יעדן טייל פון דער נאַכט האָט אַן אַנדער משמר פון כוהנים באַוואַכט דאָס בית־המקדש. ביי די ריימער איז די נאַכט געווען איינגעטיילט אין פיר וואַכן.

גיס אויס דיין האַרץ — זע פסוק יא און באַמערקונג.

הייב אוף... דיינע הענט — אופהייבן די הענט איז דער סימבאָל פון געבעט. זע: א, יז.

ביים אָנהייב פון אַלע גאַסן — אין אַלע ווינקלען, עקן פון די גאַסן. די פאַרשמאַכטנדיקע קינדער, זיי זענען די ערשטע, וואָס מע דערזעט אין אַלע ווינקלען פון די גאַסן.

> דער איבערשטער פסוק (יט) האָט מער מיט אַ פערז ווי די אַנדערע פסוקים. עוואַלד, בודדע און לעהר דרינגען דעריבער, אַז דער לעצטער פערז, וואָס איז כמעט אַן איבערחזרונג פון דעם מיטלסטן פערז פון דעם פסוק יב (פאַרגלייך אויך דעם לעצטן פערז פון יא און ד, א), איז אַ שפּעטערדיקע צושטעלונג.

כ זע, גאָט, און קוק — ערשט מיט דעם פערז, אַן איבערכאַזערונג פון א, יא, הייבט זיך אָן דאָס געבעט צו גאָט וועגן וואָס סע ווערט געזאָגט אין ערשטן פערז פון יח, „אַז זייער האַרץ האָט געשריגן צו גאָט" (זע דאָרטן). דער

נביא גלייבט און פילט, אַז ווען גאָט וואָלט זיך נאָר אַרומקוקן און זען וועמען דו האָסט געטון אַזוי, דעם פאָלק, וואָס ער האָט אויסדערוויילט (ישעיה מב, א; מג, כ; מה, ד; מט, ז), וואָלט ער אָפּגעווענדט דעם בראָך מיט אַלע פּורעניותן.

צי זאָלן די ווייבער עסן זייער פּרוכט — קענסטו, גאָט, צוקוקן דאָס אַלץ און סע אַרט דיך גאָרנישט ניט? פאַרגלייך דאָס בילד צו ירמיהס נבואה, ירמיה יט, ט; און צו דער וואָרענונג אין דברים כח, נג.

געווינדלטע קינדער — געוויקלטע; דער זין: געצערטלטע קינדער. פאַרגלייך כב. סע ווערט דערמאָנט, ווי אַ מוטער האָט יעדן טאָג אויסגעמאָסטן איר קינד, און לויט נאָך זיין גרייס נאָך, אַזאַ גרויס שטיק גאָלד האָט זי יעדן טאָג געגעבן אין בית־המקדש אַריין, (רש״י). טפּוחים איז פון לשון מטפּחת — אַן איינהיל, אַ שאַל — אין וואָס מע לייגט אַריין אַ קינד (באור).

כב דו האָסט גערופן — דו האָסט באַשטימט, ווי דו באַשטימסט אַ טאָג פון איינזאַמלונג, אַ יום־טוב.

מיינע שרעקן פון רונדאַרום — פאַרגלייך: „מגור מסביב — שרעק אַף יעדער זייט" (ירמיה ו, כה). אַן אַנדער טייטש: מיינע שכנישע געמיינדעס, ד״ה, די באַוואוינער פון רונדאַרום. אַזוי עוואַלד לויט דער סעפּטואַגינטאַ. ביידע טייטשן פאַר מגורי פאַסן זיך פאַר דעם גערופענעם טאָג פון איינזאַמלונג (זע ז; א, טו). לעהר: „מיינע ווילער" ד״ה: די, וואָס ווילן, זיצן רונדאַרום.

# ג

דאָס דריטע קאַפּיטל, וואָס איז אין דער פאָרם קאָמפּליצירטער פון די אַנדערע קאַפּיטלעך אין איכה, און וואו די אידיי וועגן גאָט איז דערהויבענער, צעפאַלט זיך אין דריי טיילן. דער ערשטער טייל, פון א—כד, און דער דריטער טייל, פון נב—סו, זענען פּערזענלעכע קלאָגלידער פון איינעם, וואָס האָט אַליין דורכגעמאַכט שווערע פּיין און ליידן. אין די לעצטע פּסוקים פון דעם דריטן טייל ענדיקט דער מקונן מיט אַ געבעט, אַז גאָט זאָל פאַרגעלטן די פּייניקער נאָך די מעשים נאָך פון זייערע הענט. דער מיטלסטער טייל, פון כה—נא, וואָס באַציט זיך אַף דעם פאָלק, איז אַ רעכטפאַרטיקונג אַף דער שטראָף, וואָס קומט פון גאָט פאַר ווידערשפּעניקייט און זינד. וואָרן אויב מע ווערט געשטראָפט — מסתמא איז מען שולדיק. דאָס איז דער גרונט פון יידישער עטיק. דעריבער דאַרף מען נאָכפאָרשטן

די אייגענע מעשים. אין דעם טייל ווערט דערהויבן די אידיי וועגן גאָט, וואָס פון אים אַליין קומט דאָס גוטע און דאָס שלעכטע; ער פאַרטראָגט נישט קיין פאַרקרימונג און קיין אומרעכט. מע דאַרף נאָר האָפן און האַרן. אין די לעצטע פיר פסוקים (מח—נא) פון דעם טייל גיסט אויס דער מקונן זיין פיין אַף דעם ביטערן גורל פון זיין פאָלק. דער ערשטער און דער דריטער טייל, וואָס זענען אין כאַראַקטער נאָענט צו די לידער פון תהלים, ווערן פון לעהר, שטאָדע און אַנדערע פאָרשער באַטראַכט פאַר צוויי אַזוינע לידער אין זייער אורשפרונג, און וואָס זענען ערשט שפּעטער באַהעפט גע־וואָרן אין איין קאַפּיטל, פון דעם, וואָס האָט געשריבן דעם מיטלסטן טייל. דאָס גאַנצע קאַפּיטל ווערט אויך באַטראַכט פאַר דעם שפּעטסטן טייל פון איכה.

די עלעגיע איז אַ דרייפאַכער א״ב אַקראָסטיק. יעדער פסוק באַשטייט פון אַ טאָפּלטן פערז. דער געבוי פון יעדן פערז איז ווי אין די פריערדיקע קאַפּיטלען. די פ׳ שטייט דאָ פאַר דער ע׳ ווי אין ב און ד.

א וואָס האָט געזען פּיין — דער, וואָס האָט אַליין געליטן, ווי דער נביא רעדט ווייטער.

דורך דער רוט פון זיין גרימצאָרן — דער זיין באַציט זיך אַף גאָט, הגם דאָ ווערט דער נאָמען גאָט אינגאַנצן נישט דערמאָנט. פאַרגלייך: „ווי, אַשור, רוט פון מיין גרימצאָרן!“ ישעיה י, ה; „לאָז ער אָפּטון פון מיר זיין רוט“, איוב ט, לד, וואו מיין און זיין באַציען זיך אַף גאָט. גאָטס נאָמען ווערט ערשט דערמאָנט און איבערגעכאַזערט פון כב—מ, וואו סע דערוועקט זיך אַ שטאַרקע האָפענונג, און אַ צוטרוי, צו גאָט און זיין דערבאַרעמדיקייט.

אין די ווייטערדיקע פסוקים (ב—טז) קלאָגט זיך דער נביא אַף אַלערליי נגישות, וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט. גאָט האָט געקערט זיין האַנט קעגן אים, האָט אים געפירט אין פינסטערניש, האָט אויס־געצערט זיין פלייש, צעבראָכן זיינע ביינער, אים אַרומגערינגלט מיט גיפט און באַדריקונג, האָט אים אַרומגעצאַמט, האָט באַשווערט זיין קייט, פאַרשטאָפּט זיין געבעט, פאַרקרימט זיינע וועגן און זיי פאַר־צאַמט מיט געהאַקטע שטיינער, האָט געלאָקערט אַף אים ווי אַ בער און אַ לייב, האָט געשפּאַנט זיין בויגן און אים געמאַכט פאַר דעם ציל פון זיין פייל, האָט אים אָנגעטרונקען מיט ווערמוט, צעבראָכן זיינע ציין מיט קיזלשטיינער, און אים געוואַלגערט אין אַש. לויט דעם באור און אַנדערע באַציט זיך דאָס אַף דער פּיין, וואָס ווערט פערזאָניפיצירט אין די אַלערליי נגישות און געפאַרן.

# אַנמערקונגען און דערקלערונגען

ג ער קערט זיין האַנט — **דאָס טאָפּלטע צייטוואָרט** קערט **פאַרשטאַרקט די האַנדלונג. ער קערט קעגן מיר זיין האַנט נאָכאַמאָל און ווידער און כסדר. פאַרגלייך: ירמיה ד, ה; לד, יא.**

ד ער האָט אויסגעצערט — **אָדער: אויסגעטראָגן, פאַרעלטערט, (רש״י). „און זיי וועלן אַלע ווערן פאַרעלטערט ווי אַ קלייד", תהלים קב, כז; „והאָרץ כבגד תבלה", ישעיה נא, ו. די בילדער פון עלנט און נויט, וואָס הייבן זיך אָן מיט דעם פסוק, געפינען אַסך פּאַראַלעלן אין איוב און תהלים.**

ער האָט צעבראָכן מיינע ביינער — **דאָס באַציט זיך אויף נבוכדנאצרן, (ירמיה ג, יז).**

ה מיט גיפט און באַדריקונג — **מיט ביטערקייט, ווי אין ירמיה ח, יד: „מי־ראש". רש״י: „ראש ולענה—מיט גיפט און ווערמוט", ווי אין דברים כט, יז. אַזוי אויך לעהר. פאַרגלייך: יט.**

ו אין פינסטערנישן — **פון שאול־תחתיה. פאַרגלייך דעם פסוק מיט דעם לעצטן פערז פון תהלים קמג, ג.**

ווי די, וואָס זענען שוין לאַנג טויט — **אָדער:** ווי אייביק טויטע.

ז ער האָט מיך אַרומגעצאַמט — **דער נביא פילט זיך אַרומגעצאַמט מיט אומגליקן, ווי מיט ווענט, און ער קאָן זיך פון זיי נישט באַפרייען. פאַרגלייך: „ער האָט אַרומגעצאַמט מיין וועג און איך קאָן נישט דורכגיין", איוב יט, ח.**

ח פאַרשפּאַרט ער מיין געבעט — **ער לאָזט עס נישט צו צו זיך. זע מד.**

ט מיינע שטעגן האָט ער פאַרקרימט — **דער נביא קלאָגט זיך, וואָס גאָט** האָט פאַרצאַמט זיינע וועגן מיט געהאַקטע שטיינער, **כדי אים צו פאַרוואונדן, און זיינע** שטעגן האָט ער פאַרקרימט, **אַז ער זאָל אַרומבלאָנדזשען און נישט געפינען קיין רעטונג.**

**ביז אַהער זענען געמאָלן בילדער פון עלנט און נויט, וואָס רינגלען אַרום דעם מקונן. ער איז אַרומגערינגלט מיט גיפט און באַדריקונג, זיינע וועגן זענען פאַרקרימט און פאַרצאַמט. פון י—טז ווערן איבערגעגעבן די געפאַרן, וואָס לאָקערן אויך אויף אים: אַ בער, אַ לייב, אַ יעגער מיט פייל און בויגן, אַ שונא מיט קיזלשטיינער.**

יא ער האָט מיינע וועגן אָפּגעקערט — **אָדער:** ער האָט מיינע וועגן באַדאָרנט, און ער האָט מיך צעריסן. **לויט רש״י און ראב״ע איז** סורר **פון לשון סירים און קוצים.** אָפּגעקערט — **אָפּגעווענדט, פאַרפירט. גאָט, וואָס לאָקערט ווי אַ לייב, האָט אָפּגעווענדט זיין גאַנג פון דעם וועג מיט די געהאַקטע שטיי־**

# אַנמערקונגען און דערקלערונגען

נער, נישט צו ראַטעווען אים, נייערט אים צו באַפאַלן פון זיין באַהעלטעניש און אים צו צערייסן.

ער האָט מיך געמאַכט וויסט — אָדער: געפּלעפּט, דערשטוינט פון דעם פלוצימדיקן איבערפאַל פון דעם לייב. ווי אין ירמיה ב, יב; עזרא ט, ג—ד. אַ באַליבט וואָרט אין ירמיהוס נבואות. ראב״ע: ער האָט מיך געמאַכט פאַר אַ שרעקבילד, פאַר די וואָס זעען מיך. אַזוי אויך באור.

יב ער האָט געשפּאַנט זיין בויגן — אומעטום איז גאָט דער לאָקערער אַף זיין לעבן. דערדאָזיקער פאַרגלייך צו אַ יעגער, וואָס האָט אים „געשטעלט ווי אַ ציל פאַר דער פייל" (פאַרגלייך: איוב טז, יב), איז אַן אויסוואוקס פון די פריערדיקע פאַרגלייכן צו אַ בער און אַ לייב.

יג די זין — די פיילן.

יד פאַר מיין גאַנצן פאָלק — לויט טייל כתב־ידן: פאַר אַלע פעלקער, ווי עוואַלד און אַנדערע איבערזעצן. פאַרגלייך דעם פסוק צו סג; ירמיה כ, ז—ח; איוב יב, ד; ל, א און ט; תהלים סט, יג.

טו ווערמוט — דאָס וואָרט ווערט אָפט גענוצט אין תנ״ך פאַר אַ סימבאָל פון גרויס אומגליק און פּיין. זע: יט; ירמיה ט, יד; כג, טו; משלי ה, ד. פאַלשע ריכטער „פאַרקערן אַף ווערמוט דעם משפט", עמוס ה, ז.

טז קיזלשטיינער — אָדער: זאַמדשטיינער.

ער האָט מיך געוואַלגערט אין אַש — אָדער: אין שטויב. דאָס וואָרט „הכפישני", וואָס ווערט מער אין ערגעץ נישט געבראַכט, ווערט איבערגעזעצט אין דער סעפּטואַגינטאַ: „ער האָט מיר געגעבן צו עסן"; אין דער אויט. ענג. ווערזיע: „ער האָט מיך באַדריקט"; אין תרגום: „ער האָט מיך אַנידער־געדריקט". אַסך איבערזעצן דאָס אויך: געטרעטן.

יז און פאַרלאָזן פון פרידן איז מיין זעל — אָדער: און פאַרשטויסן (סעפּט. און תרגום), און פאַריאָגט (וואולגאַטע). פאַרגלייך תהלים פח, טו, וואו דער אויסדרוק ווערט איבערגעזעצט: „פאַרוואָס, גאָט, פאַרוואַרפסטו מיין זעל?" — פאַראַכטסטו, פאַראַפּשייסטו (ראב״ע). די אויט. ענג. איבערזעצונג נעמט דאָס צייטוואָרט אין צווייטער פערזאָן: „און דו האָסט ווייט אָפּגערוקט (פאַר־וואָרפן) מיין זעל פון פרידן". אַזוי אויך לעהר. אָפּגערוקט — באַרויבט (באור און לעהר). דער איבערגאַנג צו צווייטער פערזאָן, הייבט זיך אָבער אָן ערשט מיט פסוק יט.

מיט דעם פסוק יח גרייכט דער נביא די העכסטע פאַרצווייפ־לונג. ער איז פאַרלאָזן פון פרידן און פון גוטס, און ער האָט זיך

# אַנמערקונגען און דערקלערונגען

שוין אָנגעהויבן מיאש צו זיין פון יעדער האָפענונג אין גאָט. גלייך נאָכדעם אָבער, ביים אָפּגרונט פון פאַרצווייפלונג, קומט אַ נייע ווענדונג: דער נביא שטאַרקט זיך, אַ פרישע האָפענונג אין גאָט נעמט וואַקסן און שטייגט מיט יעדן פּערז. וואָרן נאָכאַלעמען איז גערעכט גאָט. אַפילו אַז ער שטראָפט — איז דאָס פון ליבשאַפט. וואָרן גאָטס גוטסקייט און דערבאַרעמדיקייט לאָזן זיך קיינמאָל נישט אויס.
מיט דעם פּסוק יט הייבט זיך אָן אַ געבעט צו גאָט.

כ געדענקען זאָלסטו געדענקען, אַז סע בייגט זיך אין מיר מיין זעל — פון פּיין און וואָגלעניש, דעריבער ענטפער איך מיין האַרצן, אַז איך טו האָפן. אַן אַנדער טייטש: געדענקען געדענקט מיין זעל, און זי בייגט זיך אין מיר — די זעל געדענקט די פּיין און וואָגלעניש, די ווערמוט און גיפט, און בייגט זיך פון די אַלע ווייטיקן אינעווייניק. פאַרגלייך: תהלים מב, ה—ו. אַז — ווערטלעך: און, ווי אין דער אַנדערער טייטש פון פּערז, און וואָס מוז אָבער אין דער ערשטער טייטש פאַרביטן ווערן אַף אַז.

כא דאָס וועל איך ענטפערן מיין האַרצן, דעריבער — די ווערטער דאָס און דעריבער באַציִען זיך אַף די פריערדיקע צוויי פּערזן. נאָכדעם ווי דער נביא האָט זיך געווענדט מיט אַ געבעט צו גאָט, ער זאָל געדענקען זיין פּיין, און ווייל ער ווייסט, אַז גאָט דערהערט דאָס געבעט פון דעם דערנידעריקטן, הייבט ער אָן מיט אַ נייער האָפענונג, אַז...

כב די חסדים פון גאָט, פאַרוואָר, זיי האָבן זיך נישט אויסגעלאָזן — לייען לא־תמו אַנשטאָט לא־תמנו—מיר האָבן זיך נישט אויסגעלאָזן (רש״י), וואָרן דער נביא רעדט דאָ כסדר וועגן זיך, דעריבער איז דער איבערגאַנג צו מיר אויסערן פּלאַץ. די אויט. און רעוו. ענגלישע ווערזיעס איבערזעצן דעם פּערז: עס איז פונוועגן די חסדים פון גאָט, וואָס מיר זענען נישט פאַרצערט געוואָרן. די ערשטע דריי ווערטער זענען צוגעשטעלט געוואָרן, צוליב דער גאַנצקייט פון דעם זאַץ. דער איבערגאַנג צו מיר ווייזט, אַז אַפילו ווען דער נביא נוצט די ערשטע פּערזאָן איך, רעדט ער אָבער ווי איינער, וואָס פאַרקערפּערט אין זיך די ווייטיקן פון אַלע ליידנדיקע.
זיינע דערבאַרעמדיקייטן — אין יידיש ווערט דער סובסטאַנטיוו געווײנטלעך גענוצט אין לשון־יחיד.

כג זיי זענען ניי — גאָטס חסדים הייבן זיך אָן אַפּסניי מיט דעם אופשטיין יעדן פרימאָרגן.
דיין געטריישאַפט — דער איבערגאַנג פון דריטער פּערזאָן צו צווייטער, וואָס פאַרשטאַרקט דאָ דאָס געפיל און די פאַרזיכערונג אין גאָט, באַגעגנט מען אָפט אין דער פאָרם פון פּאָעזיע.

# אַנמערקונגען און דערקלערונגען

כד גאָט איז מיין טייל, האָט געזאָגט מיין זעל — **זי האָט געזאָגט צו מיר. ביי גאָט איז די פרייד און דער אַרבעטייל. אַן אָפּטער אויסדרוק אין תהלים: טז, ה; עג, כו; קיט, נז, און אַנדערע ערטער. זע אויך: במדבר יח, כ; דברים י, ט.**

**מיט דעם פסוק פאַרענדיקט זיך דער ערשטער טייל פון דעם קלאָגליד. לויט אַנדערע ענדיקט זיך דער ערשטער טייל שוין פריער, מיט פסוק כא. דער צווייטער טייל, כה—נא, וואָס איז דאָס שטאַרק־סטע און דערהויבנסטע ליד אין איכה, פאַלט פונאַנדער אין דריי קלענערע טיילן. דער ערשטער טייל, כה—לט, באַהאַנדלט די רייכ־קייט פון גאָטס חסד און זיין גערעכטיקייט. דער צווייטער טייל, מ—מז, באַציט זיך אָף דעם פאָלק פון יהודה. די ערשטע גרופּע פון דריי פסוקים איז אַ דערמאַנונג נאָכצוזוכן די אייגענע מעשים, און די ווייטערדיקע פסוקים מאָלן די שטראָף, וואָס גאָט האָט גע־בראַכט אָף דעם פאָלק, און וואָס עס איז געוואָרן פון דעם פאָלק. אין די לעצטע פיר פסוקים, מח—נא, גיסט אויס דער נביא זיין האַרץ „אָף דעם בראָך פון דער טאָכטער פון מיין פאָלק".**

כה גוט איז גאָט — **דאָ ווערט אַרויסגעבראַכט די פונדאַמענטאַלסטע אידיי, אַז גאָט איז גוט צו אַלעמען, בפרט צו די, וואָס דולדן און האָפן אָף זיין הילף. מיט דעם וואָרט** גוט **הייבן זיך אָן אין אָריגינאַל אַלע דריי פסוקים אונטערן אות** ט.

כו אַז מע זאָל האַרן אין שווייגן — **אָדער:** אַז מע זאָל האָפן און זיין אין שווייגן. **אַ מענטש דאַרף האָבן געדולד און זיך נישט קלאָגן.**

כז טראָגן אַ יאָך אין זיין יוגנט — **בעת דער מענטש איז יונג, און די ליידנשאַפטן שטאַרק, דאַרף מען זיך לערנען דולדן און שווייגן, וואָרן דאָס וועט שפּעטער פאַרגרינגערן דאָס שווערע לעבן. דער פערז ווייזט, אַז דער מקונן איז שוין אַ באַיאָרנטער מענטש, מיט דערפאַרונג אין לעבן.**

כח ווען ער — **אויב גאָט האָט אַרופגעלייגט אָף אים דעם יאָך.**

כט לאָז ער אַריינטון אין שטויב זיין מויל — **דאָס איז דער אויסדרוק פון טיפסטער אונטערטעניקייט. לאָז ער זיך בוקן ביז צו דר'ערד און גאָט בעטן.**

ל לאָז ער געבן ... די קינבאַק — **לאָז ער אַלץ אָננעמען פאַר ליב. פאַרגלייך ישעיה נ, ו.**

**אין די דריי אייבערשטע פסוקים, כח—ל, ווערט דורכגעפירט דער געדאַנק וויאַזוי דער מענטש קאָן דערגרייכן די מדרגה פון רעזיגנאַ־**

ציע, צו קענען אַלץ מקבל זיין באַהבה. און אין די דריי וויטערדיקע פסוקים, לא—לג, ווערט ארויסגעבראַכט דער געדאַנק, אַז דער מענטש דאַרף זיך לערנען דולדן און שווייגן: וואָרן נישט אַף אייביק פאַר־לאָזט גאָט; אַפילו אַז ער שטראָפט — דערבאַרעמט ער זיך אָבער, וואָרן ער איז גוט, און פייניקט נישט פון האַרצן. שפּעטער, אין לד—לו, ווערט דורכגעפירט אַ וויטערדיקער געדאַנק: גאָט פאַר־טראָגט אינערגעץ נישט, די געפאַנגענע זאָלן צעטרעטן ווערן פון דעם זיגער, און ער וויל נישט זען קיין פאַרקרימונג ביים משפּט.

לא וואָרן נישט אַף אייביק פאַרלאָזט גאָט — פאַרגלייך: „צי דען וויל גאָט אַף אייביק פאַרשטויסן?" תהלים עז, ח. זע אויך: קג, ט; ישעיה נז, טז. דער פערז איז קירצער פון די אַנדערע פערזן. מעגלעך, אַז דאָ איז אַרויסגעפאַלן אַ וואָרט. לעהר סוגעסטירט צו דעם סוף פון דעם פערז דאָס וואָרט מענטשנקינדער:

וואָרן נישט אַף אייביק
פאַרלאָזט גאָט די מענטשנקינדער.

לד צו צעשטויסן... אַלע געפאַנגענע פון דער ערד — איבער דער גאַנצער וועלט, נישט בלויז פון יהודה — פאַרטראָגט נישט גאָט. דער נביא ירמיה איז געווען אַן אויגן־עדות פון די מלחמות אין יהודה. ער האָט אַוואַדע געמוזט צוזען די גאַנצע רשעות פון דעם זיגער קעגן די געפאַנגענע, און ווי גרויזאַם דער מין מענטש ווערט, בעת זיין מאַכט איז נישט איינגעצאַמט, אויס מורא דיזעלבע נגישות זאָלן אים נישט טרעפן.

לה צו פאַרנייגן דעם משפּט — אויך דאָס פאַרטראָגט נישט גאָט אינ־ערגעץ נישט.

קעגן דעם פּנים פון דעם אייבערשטן — פאַר די ריכטער, וואָס משפּטן אין נאָמען פון גאָט, און וואָס ווערן אַליין אָנגערופן גאָט. „און זיין האַר זאָל אים גענעענען צו גאָט", צו די ריכטער, שמות כא, ו; „און גענעענען זאָל דער מענטש פון דעם הויז פאַר גאָט", שמות כב, ז; זע אויך וויטער: כב, ח; „גאָט שטייט אין דער געמיינדע פון גאָט (ריכטער), אין דער מיט פון גאָט (פון די ריכטער) טוט ער משפּטן", תהלים פב, א; זע דאָרט: פב, ו.

לו צו פאַרקרימען אַ מענטשן אין זיין קריג — צו באַרויבן אַ מענטשן אַן אַ משפּט. דער פערז איז אַ פאַרשטאַרקערונג פון דעם פריערדיקן פערז.

וויל גאָט נישט זען — ער פאַרטראָגט נישט און באַוויליקט נישט אַזוינס. בוכשטעבלעך: האָט גאָט נישט געזען. דער אידיאָם פאָדערט אָבער דאָ די איצטיקע צייט. אַסך פאָרשער, צווישן זיי לעהר, נעמען דעם פערז אינטער־

# אַנמערקונגען און דערקלערונגען

ראַגאַטיוו: „צי זעט דאָס נישט גאָט?״ אַזוי שוין אין תרגום: „צי איז דאָס פריער נישט אַנטפּלעקט געוואָרן פאַר גאָט?״ אין די ענג. ווערזיעס ווערט ראָה געענדערט אף רצה — „טוט גאָט נישט באַוויליקן״. די באַהויפּטונגען אין לד—לו באַציען זיך אַף דעם סוף פון דעם לעצטן פערז.

אין די פּסוקים לז—לט פירט דער נביא דורך דעם געדאַנק, אַז אַלץ — דאָס גוטע און דאָס שלעכטע — קומט פון דעם אייבערשטן. און הגם ער איז די גוטסקייט (לא—לג), און ער פאַרטראָגט נישט קיין שום אומרעכט (לד—לו), שטראָפט ער אָבער פונוועגן די זינד פון דעם מענטשן. לאָמיר דעריבער נאָכפאָרשטן אונזערע מעשים, וואָרן מיר האָבן ווידערגעשפּעניקט, און לאָמיר זיך אומקערן צוריק צו גאָט (מ—מב).

לז וועמ איז דער, וואָס האָט געזאָגט — גאָט באַפעלט, און, סע געשעט. דער פערז איז פון תהלים לג, ט. פאַרגלייך דעם פערז און דעם אַנדערן צו ישעיה מה, ז; עמוס ג, ו.

לט וואָס קאָן זיך באַקלאָגן... אַ מענטש פונוועגן זיינע זינד? — פונוועגן דער שטראָף פאַר זיינע זינד, אַז כל־זמן ער לעבט קאָן ער נאָך איינהאַלטן זיין יצר־הרע און זיך אומקערן צו גאָט.

מ לאָמיר נאָכזוכן אונזערע וועגן — וועלן מיר דעמאָלט זען פאַרוואָס די שטראָף איז אַף אונז געקומען.

מא לאָמיר אופהייבן אונזער האַרץ אַף די הענט — אָדער: מיט די הענט (רד״ק) אַזוי אויך אין ענגליש. ווערטלעך: צו די דלאָניעס, אָדער: הויפּנס. פּונקט ווי מיר הייבן אוף אונזערע הענט (אין געבעט) צו גאָט אין הימל, אַזוי לאָמיר אויך אופהייבן מיט זיי אונזער האַרץ (רש״י). פאַרגלייך, ווי משה שפּרייט אויס די הענט צו גאָט, אַז דער האָגל און די דונערן איבער מצרים זאָלן אופהערן (שמות ט, לג); זע אויך מלכים א׳ ח, כב. אל ווי סע וואָלט געווען על (באור), און אַזוי איבערזעץ איך. דער פערז דריקט אויס דאָס אויסערלעכע אויסזען, וואָס קומט פון טיפער אינערלעכער רירונג ביי אמתן געבעט.

מב מיר... דו — די פּראָנאָמענס ווערן שטאַרק באַטאָנט, אויסצודריקן דעם גרויסן היפוך: מיר האָבן פאַרבראָכן, און דו האָסט נישט פאַרגעבן. גאָט און פאָלק זענען אין קריג.

מג דו האָסט דיך באַדעקט מיט צאָרן — אָדער: אין צאָרן. דו האָסט דיך פאַרהילט אין צאָרן. דאָס וואָרט דיך, וואָס פעלט אין אָריגינאַל, ווערט

# אַנמערקונגען און דערקלערונגען

אַרויסגעדרונגען פון דעם אַנדערן פסוק, פון מד. אַן אַנדער טייטש: „דו האָסט געמאַכט אַ דעק מיט צאָרן, און דו האָסט אונז נאָכגעיאָגט".

מד דו האָסט דיך באַדעקט מיט אַ וואָלקן — **אָדער**: אין אַ וואָלקן. **זע אויבן. דער געדאַנק, אַז גאָט פאַרהילט זיך אין פינסטערניש, איז נישט אַלעמאָל אין דעם זין ווי דאָ, כדי „נישט דורכצולאָזן קיין געבעט". מײנסטנס נידערט גאָט אַראָפּ אין אַ וואָלקן, אָדער אין אַ וואָלקנרויך, בעת ער רעדט דורך דעם מויל פון משה, זע: שמות, כ, כא; כד, טז; בעת ער באַוויליקט אַ קרבן, ויקרא טז, ב—יג; צו פאַרבאָרגן זיך פון מענטשנס אויג, מלכים א' ח, י—יב; און כדי צו ווייזן די יידן אין מדבר ווען צו ציען און ווען צו רוען, שמות מ, לד—לח; במדבר ט, טו—כב; י, יא—יב.**

קיין געבעט זאָל נישט דורכגיין — **זע פסוק ח.**

מו האָבן געעפנט אַף אונז זייער מויל — **זע: ב, טז.**

מז אַ גרויל און אַ גרוב — **פאַרגלייך דעם אויסדרוק צו דעם אין ישעיה כד, יז, און ירמיה מח, מג. דאָס הייסט: „ווער סע וועט אַנטלויפן פון דער שרעק, וועט אַרײנפאַלן אין דעם גרוב", ישעיה כד, יח און ירמיה מח, מד. אַזוי אויך רש"י. מעגלעך, אַז אַ** גרויל **איז געווען אַ מין מיטל צו יאָגן און באַצווינגען דעם געפאַנגענעם. דעמאָלט קאָן דער פערז איבערגעזעצט ווערן:**

אַ גרויל און אַ גרוב זענען געווען פאַר אונז
די פאַרוויסטונג און דער בראָך.

**דער זין איז, אַז** די פאַרוויסטונג און דער בראָך **זענען געווען ווי** אַ גרויל און אַ גרוב. זענען געווען — **ווערטלעך:** איז געווען.

מח בעכן וואַסער — **נאָך אַ שטאַרקערער אויסדרוק ווי דער אין טז; זע: ב, יא און די דערקלערונג. פאַרגלייך דעם פערז מיט ירמיה ח, כג; יג, יז; יד, יז; תהלים קיט, קלו. אין די פיר פסוקים, מח—נא, גיסט אויס דער נביא זיין טיפן צער אַף דעם בראָך פון זיין פאָלק.**

מט און אָן אופהער — **זע: ב, יח, וואו דאָס העב. וואָרט פון דעמזעלבן שורש איז טייטש:** אָפּרו. **פאַרגלייך: תהלים עז, ג.**

נ ביז גאָט וועט... זען פון הימל — **דער נביא וועט נישט אופהערן צו וויינען, ביז גאָט וועט דערזען די טרערן און וועט זיך מרחם זיין. פאַרגלייך: „און גאָט האָט געזען די בני־ישראל און ער האָט זיך געלאָזט דערקענען", שמות ב, כה. זע אויך: שמואל ב', טז, יב.**

נא מיין אויג טוט מיר רירן מיין זעל — **דאָס אומגליק, וואָס דער נביא זעט, טוט רירן און ווייטיקן אינעווייניק זיין זעל.**

# אָנמערקונגען און דערקלערונגען

פונוועגן אַלע טעכטער פון מיין שטאָט — פונוועגן דעם ביטערן גורל, וואָס עס איז זיי, די טעכטער, באַפאַלן. זע א, ד און יח; ב, י און כא; ה, יא. מעגלעך אויך: פונוועגן אַלע טעכטער־שטעט פון מיין שטאָט ירושלים. דער נביא איז קראַנק צוזעענדיק דעם חורבן אויך פון אַלע אַרומיקע שטעט און דערפער אַרום ירושלים. בנות — אין זין פון שטעט און דערפער אַרום דער הויפטשטאָט. „און די יידן זענען געזעסן אין אַלע שטעט פון דעם אמורי, אין חשבון און אין אַלע אירע טעכטער", דאָס מיינט דערפער (תרגום, רש"י); אַף דעם מאָכט ראַב"ע: „חשבון כאם, והכפרים כבנות". זע אויך: יהושוע טו, מה—מז; שופטים יא, כו; דברי הימים א' ז, כח—כט; און אין יח, א: „און ער (דוד) האָט גענומען גת און אירע טעכטער פון דער האַנט פון די פלשתים".

> מיט דעם פסוק נב הייבט זיך אָן דער דריטער טייל פון דעם קלאָגליד. דער טייל איז אַ קלאָגליד פון איינעם, וואָס האָט אַליין דורכגעמאַכט די נגישות און עינויים. דער מקונן קלאָגט אַף די ליידן און אַף דער לעסטערונג, וואָס ער ליידט פון זיינע אומזיסטע שונאים. אין די ערשטע פסוקים איז פאַראַן אַן אָנדייטונג אַף ירמיהס ליידן, וואָס ער האָט געליטן נישט פון די כשדים, נייערט פון צדקיהוס האַרן. זע: ירמיה לז, יד—כא; לח, ו. דאָס קלאָגליד ענדיקט זיך מיט אַ געבעט, אַז גאָט זאָל זיך נוקם זיין אין די שונאים, לויט נאָך זייערע שלעכטע מעשים נאָך.

נב זיי, וואָס זענען אומזיסט מיינע פיינט — דער נביא קלאָגט זיך אַף די מענטשן, וואָס ער האָט זיי קיין שלעכטס נישט געטון, און זיי פאַרפאָלגן אים אומזיסט. פאַרגלייך דעם אויסדרוק צו די אין תהלים לה, ז און יט.

נג זיי האָבן פאַרשניטן מיין לעבן אין גרוב — זיי האָבן געוואָלט אומ־ברענגען דעם נביאס לעבן אין גרוב. אַזוינע פאַרפאָלגונגען איז ירמיה אויס־געשטאַנען פון די ירושלימער שרים. זע: ירמיה לז, טז; לח, ו.

און זיי האָבן געוואָרפן אַ שטיין איבער מיר — זיי האָבן פאַרדעקט דאָס מויל פון דעם גרוב מיט אַ שטיין (רש"י), דער נביא זאָל דאָרטן אַליין אויסגיין, מחמת זיי האָבן גערעכנט, אַז אַף אַזאַ אופן וועלן זיי נישט טראָגן די שולד פאַר זיין בלוט. ווערטלעך: אין מיר — די האַרן האָבן געוואָרפן שטיינער אין אים, צו זען, צי ער לעבט נאָך (ראַב"ע).

נד געפלייצט האָבן וואַסערן איבער מיין קאָפּ — אַזוי אין תהלים סט, ג. דאָס איז נישט אין בוכשטעבלעכן זין, נאָר אַ בילדלעכער אויסדרוק פאַר גרויסע ליידן, וואָס „דערגרייכן ביזן האַלז". פאַרגלייך: „כי באו מים עד נפש",

תהלים סט, ב. וואָרן אין ירמיה לח, ו ווערט דערציילט, אַז אין גרוב איז נישט געווען קיין וואַסער, נייערט נאָר ליים.

איך בין פאַרשניטן — ס'איז אַ סוף צו מיין לעבן. וועגן מלך עוזיהו, וואָס איז געווען אַ מצורע, ווערט געזאָגט: „ער איז פאַרשניטן געוואָרן פון גאָטס הויז", דה"י ב' כו, כא. פאַרגלייך: ישעיה נג, ח.

> דאָס קלאָגליד ענדיקט זיך, ווי קאַפּ. א און ב, מיט אַ געבעט, נה—סו, אַז גאָט זאָל זיך דערנעענטערן און העלפן, ווי ער האָט אַלעמאָל געהאָלפן, און אַז ער זאָל זיך נוקם זיין אין די שונאים, וואָס זייער גאַנץ טראַכטן איז נאָר ווי צו טון שלעכטס.

נה פון דעם נידעריקסטן גרוב — פון דעם טיפסטן אָפּגרונט. איך האָב דיך גערופן פון דעם טיפסטן פון די טיפן. דאָסזעלביקע ווי: פון דעם שאול־תחתיה.

נו מיין שרייען — אָדער: רופן הילף.

נז דו האָסט גענענטט . . . ווען איך האָב דיך גערופן — אין די פריערדיקע טעג פלעגסטו גענענען, ווען איך פלעג דיך רופן (רש"י), און דו האָסט געקריגט מיינע קריגן. דעריבער גענען אויך אַצינד, וואָרן מע האָט מיר פאַרקרימט ביים משפט, און מע האָט מיך געמאַכט צום געשפעט. זע יד.

נח דו האָסט געקריגט, גאָט, די קריגן פון מיין זעל — דער שונא ווערט פאַרגלייכט צו אַ קעגנער מיט וועמען דער נביא לאָדט זיך, און גאָט — צו דעם נביאס פאַרטיידיקער, וועמען ער בעט, אַז ער זאָל אויך אַצינד משפטן זיין משפט.

נט דו האָסט געזען, גאָט, מיין פאַרקרימונג — וואָס זיי האָבן אים פאַר־קרימט ביים משפט. נישט בלויז פון די צרות אין גרוב ליידט דער נביא. ער דערמאָנט אויך אַנדערע אומרעכטן, וואָס זענען קעגן אים באַגאַנגען געוואָרן, און ער וויל, גאָט זאָל זיך אָננעמען פאַר אים.

ס זייערע טראַכטענישן — אָדער: פּלענער, ווי אין ירמיה יא, יט: „און איך האָב נישט געוואוסט, אַז זיי האָבן פאַרטראַכט פּלענער קעגן מיר"; זע אויך ירמיה יח, יח.

סב די ליפּן — די רייד, וואָס „דו האָסט געהערט". זע סא.

סג זייער זעצן זיך און זייער אופשטיין — אומעטום, און זייער גאַנץ לעבן שפּעטן זיי פון מיר. אַן אַנדער טייטש: זייער זיצן און זייער שטיין — סיי זיי זיצן און סיי זיי שטייען, בין איך זייער שפּאָטליד. פאַרגלייך: תהלים קלט, ב.

אין די לעצטע דריי פסוקים, סד—סו, בעט דער נביא אַ גע־
רעכטע פאַרגעלטונג אַף די שונאים. גאָט זאָל זיי באַלוינען לויט
זייערע מעשים נאָך. פאַרגלייך סד צו א, כא; תהלים כח, ד. אין
אַסך איבערזעצונגען ווערן די דריי פסוקים איבערגעגעבן אין לשון־
עתיד, און נישט אין דער באַפעל־פאָרם.

סד דו זאָלסט זיי אומקערן אַ פאַרגעלטונג — דער נביא בעט, גאָט זאָל זיי באַצאָלן פאַר זייערע מעשים, און זיך נוקם זיין אין זיי. אָן אַנדער פאָרם אין לשון־עתיד: דו וועסט זיי אומקערן אַ פאַרגעלטונג — אַזוי לעהר און אַסך ענגלישע ווערזיעס. לויט דער פאָרם הייסט עס, אַז דער נביא איז זיכער, אַז גאָט וועט זיך נוקם זיין אין די שונאים לויט זייערע מעשים נאָך. די ערשטע פאָרם פאַסט זיך אָבער מער אַריין אין דעם געבעט־טאָן פון דעם טייל.

סה דו זאָלסט זיי געבן אַ פאַרהאַרטונג פון האַרץ — אָדער דו וועסט זיי געבן אַן אומפילבאַר האַרץ (באור), כדי זיי זאָלן נישט דערפילן וואָס סע קומט אַף זיי.

סו דו זאָלסט נאָכיאָגן מיט צאָרן און דו זאָלסט זיי פאַרטיליקן — זע: ירמיה י, יא. אָדער: דו וועסט נאָכיאָגן מיט צאָרן און דו וועסט זיי פאַרטיליקן. אין תרגום ווערט אויך צוגעגעבן דער פראָנאָמען זיי אין ערשטן האַלבן פערז: דו וועסט זיי נאָכיאָגן. אַזוי אויך די מייסטע איבערזעצער און פאָרשער.

# ד

דאָס פערטע קאַפּיטל באַהאַנדלט דעם גורל פון די פאַרשידענע קלאַסן באַוואוינער פון ירושלים, און ברענגט קלאָר אַרויס, אַז אַלע פורעניות זענען געקומען פאַר די גרויסע זינד פון אירע נביאים און כוהנים (ו און יג). דאָס קאַפּיטל פאַלט פונאַנדער אין צוויי הויפּט־טיילן. אין דעם ערשטן טייל, אין די פסוקים א—י, ווערן געמאָלן די נויט און עלנטקייט פון די קינדער און דערוואַקסענע אין שטאָט, בעת דער באַלאַגערונג. אין צווייטן טייל, וואָס פאַלט פונאַנדער אין פיר קלענערע טיילן, ווערט אין די פסוקים יא—יב אונטערגע־שטראָכן דאָס אַריינדרינגען פון דעם שונא אין ירושלים; אין יג—טז ווערט אונטערגעשטראָכן די שולד פון די כוהנים און נביאים, וואָס גייען אַרום טמא פון אומשולדיק בלוט; אין יז—כ, די אומזיסטע

## אַנמערקונגען און דערקלערונגען

האָפענונג אַף דער הילף פון פאַרבינדעטע (מצרים); די נאָכיאָגער, וואָס לאָקערן און יאָגן זיך נאָך; און דער גורל פון דעם מלך. די לעצטע צוויי פסוקים זענען אַ וואָרענונג און אַ דראָאונג צו דער „טאָכטער פון אדום", אַז אויך אַף איר וועט קומען דער טאָג פון גאָטס שטראָף.

דאָס קאַפּיטל איז אַן א"ב אַקראָסטיק, ווי די פריערדיקע קאַפּיטלען, און איז זאַכלעך נאָענט צו קאַפּיטל ב, וואו סע ווערט אַרויסגעבראַכט די פּאָליטישע זייט פון דעם חורבן, בעת דאָ ווערט מער אַרויסגעבראַכט די מענטשלעכע זייט, און סע ווערט שאַרפער אונטערגעשטראָכן, אַז די שטראָף איז פאַר דער גרויסער זינד פון דעם פאָלק. ביידע, ב און ד, ווערן באַטראַכט פאַר די עלטסטע צוויי קאַפּיטלען אין דעם ספר, און שטאַמען פון איין צייט. די פאָרם פון פערז איז דאָ אַזוי ווי אין די פריערדיקע קאַפּיטלען. יעדער פסוק האָט אָבער בלויז צוויי טאָפּלטע פערזן.

א דאָס גאָלד... דאָס פיינסטע גאָלד... די הייליקע שטיינער — אונטער די נעמען ווערן געמיינט די אויסדערוויילטע, די איידעלע זין און אַלע באַוואוינער פון ירושלים, וואָס וואָלגערן זיך אַצינד ביים אָנהייב פון אַלע גאַסן. פאַרגלייך דעם נביאס רייד: „וואָרן זיי וועלן זיין ווי די שטיינער פון אַ קרוין", זכריה, ט, טז. שוין פריער קלאָגט דער מקונן אַף די „קליינע קינדער, וואָס פאַרשמאַכטן ביים אָנהייב פון אַלע גאַסן", ב, יט.

צעשאָטן — ווי שטיינער, וואָס האָבן נישט קיין שום ווערט.

הייליקע שטיינער — דאָס גאַנצע פאָלק, נישט נאָר די איידללייט, איז געהייליקט צו גאָט: ואתם תהיו־לי ממלכת כוהנים וגוי קדוש", שמות יט, ו. די איידלשטיינער ווערן אָנגערופן הייליקע, ווייל זיי האָבן געדינט פאַר סגולות (לעהר).

ב געוואויגן געוואָרן מיט גינגאָלד — די זין, וואָס זענען געווען די ווערט די וואָג פון גינגאָלד, זענען געוואָרן ווי ערדענע קרוגן אין די הענט פון דעם טעפּער. די באַוואוינער פון ירושלים ווערן אין די צוויי פסוקים פאַרגלייכט צו דרייערליי מינים טייער מעטאַל: גאָלד, פיין גאָלד און גינגאָלד.

ערדענע קרוגן — דער היפוך פון סאָלידן גאָלד: זיי זענען אינעווייניק ליידיק און ווערן לייכט צעבראָכן.

ג שאַקאַלן — וואָיעדיקע חיות, וואָס האַלטן זיך אוף אין חורבות. דער פאַרגלייך, ווי סע ווייזט שטרויסן אין דעם אַנדערן פערז, איז צו באַשעפעניש, וואָס באַוואוינען די מדבר. דאָס וואָרט תנין (תנים קרי), וואָס מיינט קראָקאָדיל,

דראַך, און בכלל אַן אויסשטערקנדיקע באַשעפעניש, אַז דאָ די מערצאָל פון תן — אַ וואָיעדיקע חיה, אַ שאַקאַל — ווי סע ווייזט די מערצאָל־פאָרם פון דעם ווערב.

גרויזאַם ווי די שטרויסן אין מדבר — די מוטערס, וואָס לאָזן איבער זייערע קינדער, וואָרן זיי קענען נישט צוזען ווי זיי גייען אויס פון הונגער און דאָרשט, ווערן פאַרגליכט צו די זי־שטרויספייגל, וואָס זענען ביים פאָלק פאַררעכנט געוואָרן פאַר גרויזאַמע באַשעפענישן. זע: איוב לט, יג—טז, וואו סע רעדט זיך פון דער זי־שטרויס, אַז זי לייגט אירע אייער אַף דר׳ערד, און סע אַרט זי נישט, אויב אַ ווילדע חיה וועט זיי צעטרעטן, און „זי איז פאַרהאַרטעוועט קעגן אירע יונגע, ווי זיי וואָלטן נישט געווען אירע". די מיינונג נעמט זיך, קאָן זיין, פון דעם, וואָס לויט די באַאָבאַכטונגען נעמט אַ זי־שטרויס אויס־בריען די אייער ערשט דעמאָלט, ווען זי האָט שוין געלייגט אַרום דרייסיק אייער אין צאָל. די ערשטע צייט לאָזט זי זיי אויך אָפּט איבער בייטאָג, און גייט זוכן שפייז. מע רעכנט אויך, אַז די אייער, וואָס אַ שטרויספויגל לייגט אויסער איר נעסט, אַז דאָס איז שפייז־פאָרראַט אַף שפּעטער, צו שפייזן מיט דעם די יונגע. זע סמיטס „דיקשאָנערי אָוו די ביבל", ז. 650.

אין מדבר — אין אָאַזיסן. פאַרגלייך: „נאות מדבר", ירמיה ט, ט; תהלים סה, יג. זע: שיר השירים ג, ו.

ד צוגעקלעפּט — אָדער: באַהעפט.

האָבן באַגערט — אָדער: געבעטן. ווערטלעך: האָבן פאַרלאַנגט, גע־פאָדערט.

קיינער האָט עס זיי נישט אָפּגעבראָכן — נישט דערלאַנגט (תרגום). פאַר־גלייך דעם פסוק צו ב, יא—יב.

ה וואָס זענען דערצויגן... אין פורפור — די קינדער, וואָס מע האָט געהילט אין פורפור, זיי האָבן געהאַלזט מיסטהויפנס, אָדער: זיי האַלזן מיסט־הויפנס — זיי וואַלגערן זיך אין די מיסטן. די פאַרגאַנגענע צייט־פאָרם אין די פערזן קאָן געביטן ווערן אַף איצטיקער צייט, כדי פאַרצושטעלן אַקטיווער די בילדער פון דער שטראָף. אין פורפור — ווערטלעך: אַף פורפור — די קינדער, וואָס מע האָט געטראָגן אַף טראָגבעטלעך, אויסגעבעט און פאַרצירט מיט פורפור. אין די אייבערשטע פסוקים, ב—ה, קלאָגט דער נביא אַף דעם גורל פון די יונגע, צאַרטע קינדער, וואָס ווערן פאַרוויסט אין די גאַסן אַף מיסטהויפנס. און דערדאָזיקער בראָך איז געקומען פאַר דער שולד, פון דער טאָכטער פון מיין פאָלק, וואָס —

ו איז גרעסער פון דער זינד פון סדום — ריכטיקער: איז געווען גרע־סער, דעריבער איז אויך די שטראָף גרעסער. וואָרן גאָט שטראָפט מיט רעכט,

# אַנמערקונגען און דערקלערונגען

דאָס הייסט, מיט אַ מאָס, ווי דער נביא זאָגט: „נייערט איך וועל דיך שטראָפן מיט רעכט", ירמיה, ל, יא; זע דאָרט: ב, יט.

וואָס איז איבערגעקערט געוואָרן ווי אין אַ רגע — (זע: בראשית יט, כד—כה). אין סדום האָט מען זיך דעריבער נישט געמאַטערט ווי ביים חורבן ירושלים. וואָרן אין ירושלים זענען די, וואָס זענען נישט געפאַלן פון שווערד, ביסלעכווייז אויסגעגאַנגען פון הונגער און דאָרשט. זע: א, יט—כ.

און קיין הענט זענען נישט געפאַלן אָף איר — אין סדום האָבן קיין הענט נישט אָנגעאַרבעט קיין חורבן. אָדער: און קיין הענט האָבן זיך נישט געראַנגלט אין איר (פון שמערצן), לעהר. חלו קאָן האָבן פאַרשידענע טייטשן. פאַרגלייך: גאָטס שטורעמווינט „וועט אָף דעם קאָפּ פון די רשעים אַראָפּפאַלן— על ראש רשעים יחול", ירמיה כג, יט; ל, כג.

ז אירע נזירים — אָדער: אירע פירשטן, פרינצן, ווי אין בראשית מט, כו, און דברים לג, טז, וואו יוסף ווערט אָנגערופן „נזיר אחיו". פאַרגלייך די פסוקים ז—ח צו א—ב.

זענען געווען לויטערער פון שניי — די נזירים זענען, צוליב זייער אָפּגעהיטקייט אין לעבן, געווען געזונט און שיין.

ווייסער פון מילך — אָדער: קלערער.

רובינען — אָדער: קאָראַלן. רויט אָף ווייס איז דער נאָרמאַלער קאָליר פון אונזער הויט־פאַרב, און איז דער הויפּט־קאָליר פון שיינקייט. פאַרגלייך: „מיין געליבטער איז לויטער און רויט", שיר השירים ה. י.

זייער געשטאַלט — ווערטלעך: זייער שניט, אָדער: גוס. די פאָרם פון זייער קערפּער. נישט נאָר זענען זיי שיין אין זייער אויסזען און אין קאָליר, נייערט אויך זייער קערפּער איז ווי אַן אויסגעשניצטער איידלשטיין.

ח שוואַרצער פון שוואַרצקייט — זע א. די שוואַרצקייט אין אויסזען איז דאָ אַ סימן פון פיין און קראַנקהייט. פאַרגלייך: „מיין הויט איז שוואַרץ געוואָרן (און פאַלט) פון מיר", איוב ל, ל.

איינגעשרומפּן — אָדער: צוגעקלעפּט (ראַב"ע). פאַרגלייך: „אין מיין הויט און אין מיין פלייש איז צוגעקלעפּט מיין געביין", איוב יט, כ.

זי איז איינגעטריקנט, זי איז געוואָרן ווי האָלץ — אַן אַנדער טייטש: זי איז געוואָרן טרוקן ווי (אַ שייט) האָלץ, אַזוי מענדלסאָן, לעהר און אַנדערע. דאָס אייגנשאַפטוואָרט טרוקן ווערט אויך גענומען אין דער פאָרם פון אַ צייטוואָרט.

ט פון די דערשלאָגענע פון הונגער — מחמת די, וואָס זענען דערשלאָגן געוואָרן דורך דער שווערד, זענען געשטאָרבן מיטאַמאָל; די אָבער, וואָס זענען דערשלאָגן געוואָרן פון הונגער, האָבן זיך לאַנג געמאַטערט, און ערשט דערנאָך,

## אָנמערקונגען און דערקלערונגען

בעת זיי זענען געטריבן געוואָרן פון הונגער, צו זוכן שפּייז, זענען זיי אויסגע־גאַנגען דורכגעשטאָכענע פון נאָך פרוכטן פון פעלד — זיי זענען דורכגעשטאָכן געוואָרן דורך דער „שווערד פון מדבר״, בעת זיי זענען געגאַנגען ברענגען ברויט. זע: ה, ט און דערקלערונג. לויט טייל מפרשים איז דורכגעשטאָכענע אַ מעטאַפאָרישער אויסדרוק פאַר פלאַצן פון הונגער. ד״ה, זיי זענען געשוואָלן געוואָרן פון הונגער און האָבן געפּלאַצט ווי דורכגעשטאָכענע. אַנדערע פאַר־בינדן דורכגעשטאָכענע מיט דער ערשטער שורה פון דעם פסוק, און די צווייטע מיט דער פערטער, אַף אַזאַ אופן:

בעסער איז געווען די, וואָס זענען דערשלאָגן געוואָרן פון שווערד,<br>
וואָס זיי זענען אויסגעגאַנגען דורכגעשטאָכענע,<br>
איידער די, וואָס זענען דערשלאָגן געוואָרן פון הונגער<br>
פון נאָך פרוכטן פון פעלד.

י באַרעמהאַרציקע ווייבער — צערטלעכע.

האָבן געקאָכט זייערע קינדער — זע: ב, כ; פאַרגלייך די קללה, ויקרא כו, כט; דברים כח, נג—נז; ירמיהס נבואה: יט, ט; וועגן דעם הונגער אין שומרון, זע: מלכים ב׳ ו, כח—כט.

יא ער האָט אָנגעצונדן אַ פייער — פאַרגלייך: א, יג; ב, ג.

יב סע האָבן נישט געגלייבט די מלכים... אַז סע וועט קומען אַ באַ־דרענגער — דאָס פאָלק, ווייזט אויס, און אויך דער מקונן, זענען געווען איינגע־גלייבט, אַז די גאַנצע וועלט גלייבט, אַז קיין שונא וועט נישט קענען איינגעמען ירושלים. מעגלעך, אַז אַזאַ איינגלייבעניש ביים פאָלק האָט זיך גענומען פון סנחריבס מפּלה, וואָס ישעיה האָט פאָרויסגעזאָגט (מלכים ב׳ יט, לב—לז). מעגלעך אויך, פון דעם פאַקט, וואָס נאָך יעדן מאָל וואָס ירושלים איז איינגע־נומען געוואָרן, (פון שישק, דעם מלך פון מצרים, מלכים א׳ יד, כה—כו; פון אַמציה, דעם מלך פון שומרון, מלכים ב׳ יד, יג; פון אַרם, דברי הימים ב׳ כד, כג; און פון פרעה נכה, מלכים ב׳ כג, לג—לה), איז די שטאָט נאָך שטאַרקער באַפעסטיקט געוואָרן — פון די מלכים עוזיה (דברי הימים ב׳ כו, ט), יותם (כז, ג), מנשה (לג, יד), אַזוי, אַז זי איז מיט רעכט גערופן געוואָרן „די גרויסע צווישן די פעלקער, די האַרנטע צווישן די לענדער״ (א, א). פון דעם פסוק יב ווערט געדרונגען, אַז נישט ירמיה איז דער מחבר פון דער קינה, מחמת ער האָט דאָך דייקע יאָ פאָרויסגעזאָגט דעם חורבן.

דער פסוק יג, וואו סע ווערן אָנגעגעבן די שולדיקע אין דעם מוראדיקן בראָך, וואָס האָט אַפילו איבערגעראַשט „אַלע באַוואוינער פון דער וועלט״, איז דער לאָגישער המשך פון פסוק יא. מעגלעך,

## אָנמערקונגען און דערקלערונגען

אַז דער א"ב סדר פון די פּסוקים האָט גורם געווען די שווערקייט פון דעמדאָזיקן סטיל. ווי זיי זענען איצט, דאַרפן די צוויי פּסוקים יב און יג פאַרבונדן ווערן דורך עטלעכע ווערטער אין דעם אָנהייב פון יג: אָבער דאָס אַלץ איז געשען פונוועגן... אין תרגום ווערן די צוויי פּסוקים פאַרבונדן אַף אַזאַ אופן: „סע האָבן נישט געגלייבט די מלכים פון דער ערד און אַלע באַוואוינער פון דער וועלט, אַז נבוכדנאצר... וועט איינגעמען דאָס פאָלק ישראל אין דער שטאָט ירושלים. האָט אָבער געענטפערט דער מידת־הדין און האָט געזאָגט: דאָס אַלץ וואָלט נישט געשען, נייערט פונוועגן די זינד פון אירע נביאים... און פונוועגן די שולדיקייטן פון אירע כוהנים, וואָס האָבן גערייכערט קטורת צו די אָפּגעטער, און האָבן מיט דעם גורם געווען דאָס בלוט פון צדיקים, וואָס זענען געשטאָרבן אין איר". כדי יג זאָל האָבן אַ זין, און צוליב גאַנצקייט פון זאַצבוי, פאַרבינד איך אים מיט דעם פריערדיקן פערז דורך אַן ענדערונג אין דער פונקטואַציע אַפן סוף פון יב.

יג פונוועגן די זינד פון אירע נביאים — די נביאי־השקר האָבן פאַרפירט דאָס פאָלק מיט פאַלשע נבואות. זע: ב, יד און דערקלערונג; ירמיה ה, לא; ו, יג—יד; ח, י—יא; יד, יד—טו; כג, יא—יד. די פאַלשע נביאים און כוהנים זענען אויך געווען די, וואָס האָבן געוואָלט פאַרשטומען דאָס אמתע וואָרט פון גאָט. זע: ירמיה כו, ז—כד.

די שולדיקייטן פון אירע כוהנים — ווייל זיי זענען אויך געווען כוהנים צו די אָפּגעטער, (תרגום, באור). ירמיה דערמאָנט די כוהנים צוזאַמען מיט די נביאי־השקר. זיי זענען אויך געווען די, וואָס האָבן אים געוואָלט אומברענגען, בעת ער האָט נביאות געזאָגט אין דעם בית־המקדש. (ירמיה כו). זע די אייבערשטע דערקלערונג.

וואָס האָבן פאַרגאָסן... בלוט פון צדיקים — זיי האָבן דורך זייערע פאַלשע רייד און מעשים גורם געווען דעם חורבן אין וועלכן עס איז פאַרגאָסן געוואָרן אומשולדיק בלוט.

אין איר — ווערטלעך: צווישן איר.

אין די פּסוקים יד—טו ווערן געמאָלן גאַסן־סצענעס, בעת דער באַלאַגערונג פון ירושלים. די מענטשן אין גאַס וואָרענען איינער דעם אַנדערן, מע זאָל אויסמיידן די בלוט־באַפלעקטע כוהנים און נביאים, און מע זאָל זיי נישט באַרירן, כדי נישט צו ווערן טמא. מעגלעך, אַז די בילדער באַציען זיך אַף אינעווייניקסטע געשלעגן צווישן די פּאַרטייען. די כוהנים און נביאי־השקר, וואָס האָבן נישט

געוואָלט, מע זאָל זיך אונטערגעבן די כשדים, האָבן מסתמא פאַר־גאָסן דאָס בלוט פון די נביאי־יהוה, און זייערע אָנהענגער, ווייל זיי האָבן געראָטן, מע זאָל ליבערשט שליסן שלום מיטן שונא
זע: ב, יד.

יד זיי — באַציט זיך אַף די נביאים און כוהנים.

בלינדע — זיי האָבן אַרומגעוואָגלט ווי בלינדע, וואָרן פון אומרייניקייט האָבן זיי נישט געוואוסט וואו זיך אַהינצוטון. אַן אַנדער מיינונג: זיי האָבן אַרומגעוואַנדערט איבער דער שטאָט פאַרבלענדט פון נישט קיין געזעטיקטער תאווה צו שעכטן.

אַז מען קאָן נישט אָנרירן זיך אין זייערע קליידער — אין די קליידער פון די כוהנים און נביאים, וואָס זענען די באַדינער פון גאָט. די כוהנים, וואָס זענען געהייליקט צו טון די עבודה אין בית־המקדש, זענען אַזוי פאַר־אומרייניקט אין בלוט, אַז די פאַרבייגייער היטן זיך זיי אָנצורירן, אויס מורא, זיי וועלן ווערן טמא.

טו קערט אייך אָפּ! טמא! האָט מען גערופן צו זיי — די מענטשן אין גאַס האָבן געשריגן צו די כוהנים און נביאים, זיי זאָלן גיין אויסן וועג, וואָרן זיי זענען טמא — דאָס וואָרט, וואָס לויט דעם דין, האָט דער מצורע אַליין געדאַרפט אויסרופן, בעת ער איז געגאַנגען אין גאַס, צו וואָרענען מענטשן, זיי זאָלן זיך אָן אים נישט אָנרירן (ויקרא יג, מה). היות דער באַפעל קערט אייך אָפּ איז לשון־רבים, און טמא — לשון־יחיד (אַנשטאָט: קערט אייך אָפּ, טמאים!), קאָן דער פערז איבערגעזעצט ווערן אַזוי: קערט אייך אָפּ! אַ טמא! האָט מען גערופן פאַר זיי — די מענטשן האָבן גערופן איינער צו דעם אַנדערן פאָרויס פאַר יעדן בלוט־באַפלעקטן כוהן און נביא (נישט — צו זיי), אַז מע זאָל זיי אויסמיידן.

אַז — אָדער: פאָרוואָר.

זיי זענען אַוועקגעפלויגן און האָבן אַרומגעוואָגלט — דאָרט, וואוהין זיי זענען אַנטלאָפן, — וואָרן אין ירושלים האָט מען זיי אויסגעמיידט, — האָבן זיי אויך אַרומגעוואָגלט, וואָרן אויך די אומות־העולם האָבן זיי פאַראָפּשייט, און זיי האָבן געזאָגט: זיי טאָרן דאָ מער נישט וואוינען.

טז דער צאָרן פון גאָט האָט זיי צעטיילט — ער האָט זיי צעשפּרייט צווישן די פעלקער. אַן אַנדער מיינונג: ער האָט זיי צעקריגט צווישן זיך. דער צאָרן — אָדער: דאָס פּנים, דאָס פּנים פון צאָרן, מחמת דער צאָרן דריקט זיך אויס אין פּנים (רד״ק, ראַב״ע). פאַרגלייך: „דאָס פּנים פון גאָט איז קעגן די, וואָס טוען שלעכטס", תהלים, לד, יז. זע אויך: שמואל א׳ א, יח; ירמיה ג, יב.

## אָנמערקונגען און דערקלערונגען

ער וויל זיי מער נישט אָנקוקן — מיט ליבשאַפט, צום גוטן.

האָט מען נישט געאַכפּערט — אָדער: האָבן זיי, ד״ה, די מענטשן האָבן נישט אָפּגעגעבן קיין כבוד די כוהנים און זקנים. זיי באַציט זיך אַף די מענטשן אין שטאָט, וואָס האָבן געדופן, מע זאָל די בלוט־באַפלעקטע כוהנים און נביאים אויסמיידן. מעגלעך אויך, אַז דאָס גייט אַרוף אַף די פעלקער צווישן וועמען זיי זענען פאַרוואָגלט געוואָרן. זע: טו.

זקנים — אין דער סעפּטואַגינטאַ: נביאים, וואָס שטימט מיט די פריערדיקע פּערזן. טייל רעכענען, אַז דאָס וואָרט איז פאַרביטן געוואָרן אַף זקנים אונטער דער השפּעה פון דעם ענלעכן פּערז אין ה, יב.

> אין די פּסוקים יז—כ ווערן געמאָלן בילדער פון די לעצטע טעג, בעת דער באַלאַגערונג, און ווי די נאָכיאָגער האָבן געפאַנגען דעם מלך. די באַלאַגערטע קוקן זיך אויס די אויגן אַף דער הילף פון די פאַרבינדעטע מצריים, (ירמיה האָט געוואָרנט דאָס פאָלק, אַז מע זאָל זיך אַף מצרים נישט פאַרלאָזן. זע: ירמיה לז, ז). די באַלאַגערער געלינגט דערוויל צו באַהערשן די אָפענע פלעצער, אַזוי, אַז ס'איז אַ סכנה אַרויסצוגיין אין גאַס; צום סוף — דאָס געוואַגטע אַנטלויפן פון דעם מלך, וואָס ווערט געפאַנגען פון דעם שונא, און ווי דורכדעם פאַרלירט דאָס פאָלק די לעצטע האָפענונג.

יז נאָך לאָזן זיך אונז אויס אונזערע אויגן — אָדער: אונז, נאָך טוען זיך אויסלאָזן אונזערע אויגן. אַזוי לויט קרי; לויט כתיב: נאָך טוען זיך אויסלאָזן אונזערע אויגן. דער פּערז קאָן אויך גענומען ווערן אין פאַרגאַנגענער צייט.

נישטיקער הילף — אַף הילף, וואָס איז קיין הילף נישט. דאָס באַציט זיך אַף מצרים (זע: ה, ו), וואָס איר חייל וועט אַרויסגיין העלפן, און וועט זיך פון מיטן וועג אומקערן צוריק, (ירמיה לז, ז).

אין אונזער אויסקוקן — אָדער: אין אונזער וואַכטורעם (פירשט און אַנדערע).

יח זיי האָבן נאָכגעיאָגט — זיי האָבן געלאָקערט. אין די לעצטע טעג פון דער באַלאַגערונג, בעת די יידן האָבן אַרויסגעקוקט אַף דעם אָנקומען פון דעם מצרישן חייל, איז עס די כשדים, פון זייערע באַלאַגערונג־טורעמס אַרום די פעסטונגען פון ירושלים, געלונגען צו באַהערשן טייל פרייע פלעצער פון שטאָט. דאָס האָט אַף דער באַפעלקערונג אַרופגעוואָרפן אַ נייע שרעק.

גאַסן — ריכטיקער: ברייטע פלעצער. דער שונא האָט באַהערשט טייל ברייטע פלעצער, וואו ער האָט געקענט אַראָפּשיסן פון זיינע באַלאַגערונג־

טורעמס. אין דעם אַלטן ירושלים, ווי אין אַלע מזרח־שטעט, זענען די גאַסן שמאָל און ענג, און פון די באַלאַגערונג־טורעמס האָט דער שונא זיי נישט געקענט באַהערשן. איך איבערזעץ רחוב — גאַס, ווי ס'איז אָנגענומען אין ייִדיש.

פאַרוואָר, געקומען איז אונזער סוף — **אָדער**: וואָרן געקומען... די שורה איז אַ וואַריאַציע פון דער מיטלסטער שורה סע האָט געגנענט אונזער סוף, און בילדט מער מיט אַ שורה ווי אין די אַנדערע פסוקים.

יט גרינגער... פון די אָדלערס — פאַרגלייך די קללה: דברים כח, מט—נ; ירמיהס נבואה: ד, יג.

אַף די בערג האָבן זיי אונז געיאָגט — **אָדער**: איבער די בערג האָבן זיי אונז ברענענדיק געיאָגט — זיי האָבן אונז זייער מוראדיק נאָכגעיאָגט. פאַרגלייך: יעקב זאָגט צו לבנן: „וואָס איז מיין זינד, וואָס דו האָסט מיר אַזוי הייס נאָכגעיאָגט?" בראשית לא, לו. דער פערז באַציט זיך אַף צדקיהון, וואָס וועגן אים ווערט אָנגעדייט אין אַנדערן פסוק. ער און זיין חייל זענען אַנטלאָפן פון שטאָט, צו ראַטעווען זיך פון די כשדים, (מלכים ב' כה, ד—ה; ירמיה לט, ד—ה; נב, ז—ח). אונז מיינט דאָ נישט, אַז דער נביא מיט נאָך אַנדערע זענען אַנטלאָפן און דער שונא האָט זיי נאָכגעיאָגט.

אין דער מדבר האָבן זיי געלאָקערט אַף אונז — צדקיהו איז געכאַפּט געוואָרן אין די פּלוינען פון יריחו (ירמיה לט, ה; נב, ט). די בערג און די מדבר, וואָס ווערן דערמאָנט אין דעם פּסוק, זענען צווישן ירושלים און יריחו. דער וועג, דורך וועלכן צדקיהו איז אַנטלאָפן, האָט זיך געצויגן איבערן הר־הזיתים ביז דער ערבה פון יריחו.

כ דער אָטעם פון אונזער נאָז — ווי: די לופט צום לעבן. דאָס באַציט זיך אַף דעם מלך צדקיהו, (ראַב"ע, אַזוי אויך מאָדערנע פאָרשער). מיט דעם אויסדרוק דער אָטעם פון אונזער נאָז, וואָס מע באַגעגנט שוין אין די אַמאַרנאַ־בריוו, 15טער יאָרהונדערט פאַר דער נייער צ"ר, פלעגט מען באַצייכענען דעם מלך, וואָס אָן אים איז געווען אָפּהענגיק די מלוכה, דאָס נאַציאָנאַלע לעבן פון דעם פאָלק. וואָרן איז געפאַלן דער מלך — איז אונטערגעגאַנגען די מלוכה, און מיט איר — דאָס נאַציאָנאַלע לעבן פון דעם פאָלק. הגם צדקיהו איז געווען אַ שוואַכער אין כאַראַקטער, האָט ער אָבער אַלעמאָל געוואָלט טון און געטון, וואָס איז געווען רעכטפאַרטיק. ער איז געווען די גאַנצע האָפענונג פון דעם פאָלק. זע ירמיה, לד, ח—י, וואו דער נביא דערציילט, ווי צדקיהו האָט כורת־ברית געווען מיט דעם גאַנצן פאָלק פון ירושלים, מע זאָל באַפרייען די קנעכט. לויט תרגום און רש"י באַציט זיך דער אויסדרוק אַף יאשיהון, וואָס זיין טויט האָט ירמיה באַקלאָגט, (דה"י ב' לה, כה). זע אַריינפיר. די

אַלע בילדער אָבער פון דעם חורבן, ווי זיי ווערן דאָ איבערגעגעבן, האָבן ערשט געטראָפן נאָך יאשיהון.

אין זיין שאָטן וועלן מיר לעבן צווישן די פעלקער — עס איז זייער מעגלעך, אַז בעת מע האָט איינגעזען, אַז דער חורבן ירושלים דערנעענטערט זיך, האָט צדקיהו מיט אַ טייל פון פאָלק באַשלאָסן צו אַנטלויפן ערגעץ אין די בערג פון די שכנישע לענדער עמון, אָדער מואב, וואו זיי וועט אפשר געלינגען אופצו־האַלטן אַ וואָסער נאַציאָנאַל לעבן.

אין די פסוקים כא—כב ענדיקט דער נביא דאָס קלאָגליד מיט דער האָפענונג אַף נקמה אין דער טאָכטער פון אדום, וואָס האָט געהאָלפן די כשדים חרב מאַכן ירושלים, (תהלים קלז, ז). דעריבער אַזאַ שנאה צו אדום, וואָס איז אין די גוטע צייטן געווען אין בונד מיט יהודה, און אַ האָפענונג צו זען אין איר נקמה. זע: ישעיה לד, ה און וויטער; ירמיה מט, ז—כב; יחזקאל כה, יב—יד; לה; עובדיה י—טו. נאָך פסוק כ, וואו דעם נביאס פאַרצווייפלונג גרייכט דעם העכסטן גראַד, קומט אַ נייע ווענדונג, פול מיט האָפענונג, „וואָרן נישט אַף אייביק פאַרלאָזט גאָט“, (ג, לא). דער אמתער נביא האָט אין יעדן חורבן געזען לייטערונג, און אין פאַלן — נייעם אופקום.

כא זיי פריילעך און זיי לוסטיק — פריי דיך מיט דיין צייטווייליקן זיג. פאַרגלייך: א, כא.

לאַנד עוץ — אין אדום. זע: ירמיה כה, כ. עוץ איז געווען אַ פּראָווינץ אין דעם לאַנד אדום. זע סמיטס „דיקשאָנערי אָוו די בייבל“, ז. 1607.

דער כוס — ווי אַ בילד פון גאָטס צאָרן, פאַרגלייך: „נעם דעמדאָזיקן כוס מיט דעם וויין פון צאָרן פון מיין האַנט, און טרינק אָן מיט אים אַלע פעל־קער“, ירמיה כה, טו.

וועסט דיך אָפּדעקן — אַ בילד פון שאַנד און פאַראַכטונג אין די אויגן פון דער וועלט. פאַרגלייך: א, ח.

כב דיין שולד —די שטראָף פאַר דיין שולד האָט זיך געענדיקט. פאַר־גלייך: ישעיה מ, ב.

ער וועט דיך מער נישט פאַרטרייבן — גאָט וועט דיך נאָכאַמאָל נישט שטראָפן פאַר דיזעלבע זינד.

ער וועט אַנטפּלעקן דיינע זינד — ער וועט זיי אופדעקן און דיך משפטן פאַר זיי. זע די אייבערשטע אַנמערקונג.

# ה

דאָס פינפטע קאַפּיטל, הגם סע האָט אויך צוויי־און־צוואַנציק פּסוקים ווי די קאַפּיטלען א, ב און ד, איז אָבער נישט קיין א״ב אַקראָסטיק. יעדער פּסוק האָט צוויי פערזן. דער ערשטער פערז האָט פיר הייבונ־גען, און דער צווייטער — דריי. די פערזן צייכענען זיך אויס מיט אַ שלל פון גראַמען, און קאָן אין דעם פאַל פאַרגלייכט ווערן צו תהלים קכד. דאָס גאַנצע קאַפּיטל איז אַ געבעט און אַ קלאָגן זיך פון דער פאַרבליבענער געמיינדע אין יהודה, נאָך דעם חורבן. דער אָנהייב איז אַ ווענדונג צו גאָט, ער זאָל זען די שאַנד, וואָס איז געטון געוואָרן זיין פאָלק. דער מקונן גייט דערנאָך איבער צו דעם עלנט, וואָס הערשט אין שטאָט, און צו די רדיפות, וואָס קומען פון דרויסן. דער שונא, נאָכדעם ווי ער האָט די שטאָט באַצוואונגען, רויבט, דער־נידעריקט און פייניקט. דאָ גייט דורך דער טרויעריקער גורל פון די פאַרבליבענע אין ירושלים. דאָס קלאָגליד ענדיקט זיך מיט אַ געבעט, אַז גאָט וואָס טראָגט אַף אייביק, זאָל באַנייען די טעג פון אַמאָל. לויט די בילדער און די איינצלהייטן, וואָס ווערן דאָ איבערגעגעבן, איז דאָס קאַפּיטל, צוזאַמען מיט דעם ערשטן קאַפּיטל, צוגעגעבן געוואָרן צו די קאַפּיטלען ב און ד, נאָכדעם ווי עס איז ווידער איינגע־שטעלט געוואָרן די עבודה אין בית־המקדש, אין די צייטן פון עזרא און נחמיה.

א וואָס עס איז געשען מיט אונז — אָדער: געוואָרן מיט אונז — **זע, וויפל צרות מיר זענען שוין אויסגעשטאַנען. ווערטלעך:** צו אונז. **אַן אַנדער טייטש:** וואָס עס איז געווען מיט אונז — **דאָס גוטע, וואָס מיר האָבן געהאַט אין די אַמאָליקע טעג, און איצטער — זע אונזער שאַנד, (באור). דער פערז איז דער אַריינפיר צו דעם קלאָגליד פון דער גרויסער שאַנד, וואָס איז באַפאַלן דאָס פאָלק.**

ב אונזער אַרבטייל — **אונזער לאַנד, די פעלדער און וויינגערטנער, וואָס דו גאָט האָסט אונז געגעבן צו יאַרשענען, (ויקרא כ, כד),** איז אַוועקגעקערט געוואָרן — **איז איבערגעגאַנגען, צוגעטיילט געוואָרן די פרעמדע, וואָס וואוי־נען ביי אונז אין לאַנד (ראב״ע),** אונזערע הייזער — פאַר נכרים — **פאַר די אויסלענדער. אַלע הייזער זענען נאָך דעם חורבן געוואָרן דאָס אייגנטום פון די זיגערישע כשדים און, מעגלעך אויך, פון די אַרומיקע פעלקער. דאָס באַ־ציט זיך אַף די הייזער איבער דעם לאַנד, נישט — פון ירושלים. אַלע הייזער אין ירושלים האָט נבוזראַדן פאַרברענט. זע: ירמיה נב, יג.**

ג נישטאָ קיין פּאָטער — וואָס זאָל באַשיצן. די פּאָטערס זענען אין גלות, דעריבער זענען אונזערע מוטערס ווי אַלמנות — די מוטערס זענען נישט קיין אַלמנות, וואָרן זייערע מאַנען לעבן נאָך ערגעץ. דער גאַנצער פּערז איז אַ מעטאַפֿאָר, און באַציט זיך אַף אַלע לעבן־געבליבענע אין יהודה, וואָס זענען גלייך ווי יתומים און אַלמנות, אָן הילף און שיצונג.

ד אונזער וואַסער... פֿאַר באַצאָלטס — די יידן האָבן מסתמא געמוזט צאָלן די כאַלדייער אַן אָפּצאָל אַף וואַסער און האָלץ. דער פּסוק גיט איבער די טרויעריקע לאַגע פֿון די באַזיגטע, וואָס האָבן געמוזט צאָלן דעם שונא פֿאַר זאַכן, וואָס זענען געווען זייער אייגנטום. אין א״י איז ביי יעדן הויז געווען אַ קאַלכגרוב, וואו מע האָט אין די רעגן־חדשים אָנגעזאַמלט וואַסער אַף אַ גאַנץ יאָר. זע סמיטס „דיקש. אָוו די בייבל״, ז. 332.

ה איבער אונזערע נאַקנס זענען מיר געיאָגט געוואָרן — אַ פֿיגוראַטיווער אויסדרוק פֿאַר דער שטענדיקער דריקונג פֿון דעם פֿאַרפֿאָלגער. ווי מע זאָגט: ער ליגט מיר אַף דעם האַלז.

ו מצרים האָבן מיר געגעבן אונזער האַנט — זיך אונטערגעגעבן. געבן די האַנט איז דאָ דער צייכן פֿון ווערן אונטערטעניק. פֿאַרגלייך: „שאָלט קעגן איר רונדאַרום, זי האָט זיך אונטערגעגעבן״, ווערטלעך: „זי האָט געגעבן איר האַנט״, ירמיה נ, טו. זע אויך דברי הימים א׳ כט, כד; דה״י ב׳ ל, ח. אַשור — צו זעטיקן זיך מיט ברויט — צו לאָזן אונז לעבן. נישט נאָר זענען די יידן באַרויבט געוואָרן פֿון זייער אייגנטום, נייערט זיי האָבן נאָך געמוזט טראָגן דעם עול פֿון די פֿרעמדע, כדי מע זאָל זיי לאָזן לעבן. אַשור — אין געאָגראַפֿישן זין. יהודה איז געפֿאַלן דורך דער האַנט פֿון די כשדים, וואָס האָבן שוין פֿריער באַזיגט די אַשורים, די טראַדיציאָנעלע שונאים פֿון די יידן. דאָס לאַנד זייערס האָבן די יידן אויך שפּעטער גערופֿן אַשור, אַפֿילו דע־מאָלט, בעת דאָרטן האָבן שוין געהערשט די פּערזער. די יידן רופֿן דעם פּער־זישן מלך „מלך פֿון אַשור״, עזרא ו, כב.

ז אונזערע פֿאָטערס האָבן געזינדיקט — די פֿריערדיקע דורות, וואָס דורך זייערע זינד, און דורך אונזערע אייגענע זינד (טז), איז געקומען דער חורבן. זיי אָבער זענען שוין לאַנג נישטאָ, און מיר דאַרפֿן אַליין אָפּקומען די גאַנצע שטראָף. זע: „פּוקד עון אבות על בנים״, שמות כ, ה; לד, ז. ירמיה האָט נביאות געזאָגט, אַז סע וועט קומען אַ צייט, בעת גאָט וועט אָפּסנייַ כורת־ברית זיין מיט די יידן, דעמאָלט וועט אַ מענטש אָפּקומען בלויז פֿאַר זיינע אייגענע זינד. זע: ירמיה לא, כח—ל.

ח קנעכט געוועלטיקן — ווערטלעך: האָבן געוועלטיקט. דאָס באַציט זיך

אַף כאַלדייאישע באַאַמטע. אין די מזרח־לענדער איז דאָס געווען אַן אָפּטע דערשיינונג, אַז קנעכט זאָלן דערהויבן ווערן אַף הויכע פּאָסטנס. פאַרלגייך: קהלת י, ז; און נחמיה ב, י און יט וועגן „טוביה העבד, העמוני". טייל פאַר־שער דרינגען פון חבקוק א, ו, אַז אַזוינע מענטשן האָבן מסתמא פאַרכאַפּט די נחלאות ביי די יידן, און זיי נאָך געצוואונגען צו ווערן טאָגלײינער. זע אויך נחמיה ה, טו, וואו נחמיה רעדט צו די רייכע יידן וועגן די פּערזישע שטאַט־האַלטער, וואָס זענען געווען פאַר אים, אַז „אַפּילו זייערע יונגען (דינער) האָבן געהערשט איבערן פאָלק". דאָס האָט ביי די זעלבשטענדיקע יידן געמוזט זיין אַ שרעקלעכע דערנידעריקונג. זע: משלי יט, י; ל, כב.

ט מיט אונזער לעבן ברענגען מיר אונזער ברויט — מיר שטעלן איין אונזער לעבן אַריינצוברענגען דעם שניט פון די פעלדער. דאָס באַציט זיך אַף די ערדאַרבעטער און וויינגערטנערס, וואָס האָבן געאַרבעט אַף די פעלדער און אין די גערטנער מיט סכנת־נפשות פונוועגן דער שווערד פון דער מדבר. מע קאָן זיך פאָרשטעלן, אַז נאָכן חורבן האָבן זיך פון דער מדבר אַ לאָז געטון באַנדעס ווילדע בעדואינער צו פּלינדערן דאָס לאַנד. זיי זענען מסתמא אויך באַפאַלן די אָרימע, שוצלאָזע ערדאַרבעטער און וויינגערטנערס, וואָס זענען פאַרבליבן אין לאַנד אַף די פעלדער און אין די וויינגערטנער, וואָס די כשדים האָבן זיי צוגעטיילט. זע: מלכים ב' כה, יב; ירמיה לט, י. טייל סוגעסטירן דעריבער דאָס וואָרט ערב אַנשטאָט חרב. ד"ה, אַז די פּלינדערער זענען געווען ווילדע אַראַבער פון דער מדבר. לעהר רעכנט, אַז די אַריינדרינגער האָבן גע־מוזט זיין די אדומים צו דרום צו פון יהודה.

י איז געוואָרן דערהיצט... פונוועגן די ברענונגען פון הונגער — אַזוי רש"י און ראַב"ע. ווי אין בראשית מג, ל; הושע יא, ח. וואָרן דער הונגער ברענגט פיבער. אָדער: איז געוואָרן שוואַרץ (רד"ק).

> אין די פּסוקים יא—יד גיט דער מקונן איבער די נגישות מיט וואָס דער שונא האָט געשענדט יונג און אַלט, ווייבער און יונגפרויען, האַרן און זקנים, יונגען און יינגלעך.

יא זיי האָבן ווייבער אין ציון געפייניקט — די קנעכט האָבן זיי געשענדט. פאַרגלייך: „און שכם... איז געלעגן מיט איר, און ער האָט זי געפייניקט", ד"ה, געשענדט, בראשית לד, ב.

יב האַרן זענען געהאַנגען געוואָרן דורך זייער האַנט — די האַרן, וואָס האָבן געדאַרפט באַשיצן די ווייבער און יונגפרויען, זענען געהאַנגען געוואָרן דורך דער האַנט פון די קנעכט. טייטן אַ מענטשן דורך הענגען — איז ביי יידן פאַררעכנט געוואָרן פאַר אַן אָפּשיילעכער מיתה; און לאָזן אַ גע־

האַנגעגנעם הענגען איבער נאַכט — איז געווען שטרענג פאַרבאָטן. זע: דברים כא, כג. אַן אַנדער טייטש: האָרן האָבן זיך אופגעהאַנגען מיט דער אייגענער האַנט — זיי האָבן זיך אַליין אופגעהאַנגען, איידער צו לעבן אין שאַנד און אין שמאַך. אַזוי דער באור בשם הרב אבן יחייא. סנחריב באַרימט זיך, וויאַזוי ער איז זיך באַגאַנגען מיט דער באַפעלקערונג פון עקרון: „די ראַשי־כוהנים און די אײדללײט האָב איך געהאַרגעט; זייערע קערפּערס האָב איך אופגעהאַנגען אַף שטאַנגען רונדאַרום דער שטאָט. די מענטשן (די מענער) מיט זייערע ווייבער האָב איך אַוועקגעגעבן פאַר שקלאַפן". („רעקאָרדס אָוו די פּאַסט" 1, 38).

דאָס פּנים פון זקנים — דאָס אויסזען, זייער עלטער און פּערזענלעכקייט האָט מען נישט געשוינט. פּנים אין זין ווי: אַ שיין פּנים האָבן זיי! ווערט־לעך: די פּנימער, ווי סע ווערט אויך אין טייל לשונות איבערגעזעצט. אין יידיש וואָלט עס דעמאָלט געמיינט, אַז זייערע צורות האָט מען נישט געשוינט. כדי אָפּצוהיטן דעם זין פון דעם פערז — איבערזעץ איך אין לשון־יחיד. זע: ד, טז. אין העב. ווערט סיי פאַר איינצאָל, סיי פאַר מערצאָל, גענוצט בלויז די מערצאָל פון דעם וואָרט.

יג בחורים האָבן די מיל געטראָגן — זיי האָבן אַליין געמוזט דרייען די מילשטיינער און מאָלן מעל. יונגקייט איז נישט געווען קיין שום שוץ פאַר דער שווערסטער הויז־אַרבעט. דער שונא האָט געצוואונגען די יוגנט צו טון אַזעלכע אַרבעטן, וואָס געוויינטלעך האָט מען גענוצט אָקסן צו טון דאָס, אָדער שקלאַפן. פאַרגלייך ווי די פלשתים האָבן איינגעשפּאַנט שמשונען צו דרייען די מילשטיי־נער (שופטים טז, כא). זע אויך ישעיה מז, ב. אַן אַנדער טייטש: בחורים האָבן מילשטיינער געטראָגן, (תרגום), די פיינט האָבן אַף זיי אַרופגעלייגט מיל־שטיינער, כדי זיי צו פאַרפּייניקן, (רש"י). פאַראַן אַ מיינונג, אַז דאָס באַציט זיך אַף טראָגן אַ האַנטמיל. צו טראָגן, אָדער, מאָלן אַ האַנטמיל, איז אָבער נישט אַזאַ שווערע זאַך פאַר דערוואַקסענע, אַז דאָס זאָל געווען באַטראַכט ווערן פאַר אַ גרויסער שטראָף.

יד זקנים זענען פאַרשטערט געוואָרן פון דעם טויער — זיי זענען פאַר־טריבן געוואָרן פון דעם טויער, וואו עס איז געווען נישט נאָר דער פלאַץ פון משפּט (זע: רות ד, א), און פון פאַרזאַמלונגען און באַזאַרן, נאָר אויך דער פלאַץ, וואו מע פלעגט זיך צונויפקומען צו פאַרווײלן, שמועסן און הערן נייעס, און וואו די יוגנט איז געקומען זינגען און שפּילן. זע: בראשית כג, י; לד, כ; שמואל ב' טו, ב; יח, כד.

טו פאַרשטערט איז ... די פרייד — יעדע שמחה איז אין די צייטן פון חורבן געווען פאַרשטערט. פאַרגלייך: ירמיה ז, לד.

## אָנמערקונגען און דערקלערונגען

טז די קרוין פון אונזער קאָפּ — די מלוכה, די זעלבשטענדיקייט, און דאָס בית־המקדש וואָס איז געווען די הערלעכקייט פון דעם פאָלק.

מיר האָבן געזינדיקט — נישט בלויז פאַר די זינד פון די פאָטערס (זע ז) איז געקומען דער בראָך, נאָר אויך פאַר אייגענע זינד.

יז איבערדעם — דאָס באַציט זיך אַף דער קרויז, וואָס איז געפאַלן, און אַף דעם באַרג ציון, וואָס איז פאַרוויסט געוואָרן (יח). דער חורבן פון דעם מקדש אַפן באַרג ציון איז ביי די פאַרבליבענע יידן געווען דער גרעסטער ווייטיק.

יח פוקסן גייען אום אַף אים — דער פערז ווייזט, אַז די קינה איז געשריבן געוואָרן אַ צייט נאָך דעם חורבן, און אַז די שטאָט איז שוין דעמאָלט געווען לאַנג פאַרלאָזן פון מענטשן.

> מיט דעם פּסוק יט באַנייט דער נביא דאָס געבעט צו גאָט. נאָכדעם ווי ער באַקלאָגט יעדע שטראָף, וואָס איז באַפאַלן דאָס פאָלק, ענדיקט ער מיט אַ געבעט. דער נביא איז מודה אין גאָטס אייביקער הערשאַפט. און ווייל גאָטס שטול איז אַף דור־דורות, פאַרוואָס לייגט ער אַף די גערעכטע הערשאַפט אַף דער וועלט? און פאַרוואָס פאַרלאָזט ער זיין פאָלק אַזוי לאַנג? דער נביא ווייסט אָבער, אַז דאָס איז פונוועגן די זינד. ער בעט דעריבער, אַז גאָט זאָל באַנייען די טעג ווי אַמאָל, ער זאָל אונז אומקערן צו זיך, און מיר וועלן זיך אומקערן צו אים און תשובה טון. וואָרן ער האָט שוין גענוג געצערנט אַף אונז.

יט דו, גאָט, זיצסט אַף אייביק — אָדער: טראָנסט אַף אייביק, און דו קענסט העלפן. פאַרגלייך: תהלים ט, ח—ט, קב, יג. אין די צוויי פּסוקים יח—יט ווערט דורכגעפירט דער קאָנטראַסט: בעת דאָס ערדישע מקדש איז פאַרוויסט, איז דער הימלישער טראָן אייביק, און אומפאַרענדערלעך איז גאָטס הערלעכקייט.

כ פאַרוואָס... טוסטו אונז פאַרלאָזן — אויב דיין מלוכה אויבן איז אַף אייביק, פאַרוואָס פאַרלאָזסטו דיין מלוכה דאָ אַף דר'ערד, וואו דו ביסט גרויס (תהלים צט, ב), אַזאַ לאַנגע צייט?

כא קער אונז אום, גאָט, צו דיר — צו דער שטאָט, וואו סע רוט דיין נאָמען (ראַב"ע), און מיר וועלן זיך אומקערן צו דיר און תשובה טון. פאַרגלייך: ירמיה לא, יז; תהלים פ, ד און ווייטער. דער נביא בעט, גאָטס רצון זאָל זיין, אַז מיר זאָלן תשובה טון. דעמאָלט וועלן מיר צוריק אופגעריכט ווערן, ווי אין די טעג פון אַמאָל, בעת גאָטס חסד איז געווען אַף אונז.

## אָנמערקונגען און דערקלערונגען

כב וואָרן אויב פֿאַראַכטן האָסטו אונז פֿאַראַכט — אויב דו האָסט אונז איינגאַנצן פֿאַרוואָרפֿן, וואָס דאָס קאָן דאָך נישט זיין, מחמת גאָטס צאָרן איז דאָך בלויז אַף אַ רגע (זע: תהלים ל, ו), האָסטו אָבער אונז שוין גענוג געשטראָפֿט. דער גאַנצער פֿערז דריקט אויס אַ השערה, און דאַרף נישט גענומען ווערן ווי אַ פֿאַקט. גאָטס צאָרן איז נישט אַף אייביק, און עס איז דעריבער נאָך דאָ אַ האָפֿענונג. מחמת דעם נעמען טייל דעם פֿערז ווי אַ פֿראַגע:

פֿאַרוואָר, צי האָסטו אונז אינגאַנצן פֿאַרוואָרפֿן?
ביסטו דערצערנט אַף אונז זייער שטאַרק?

הגם דאָס קאַפּיטל ענדיקט זיך מיט דעם איבערשטן פּסוק, ווערט אָבער צום סוף נאָכאַמאָל איבערגעכאַזערט דער פּסוק כא, וואָס דריקט אויס געבעט און האָפֿענונג. דאָס איז איינגעפֿירט געוואָרן, כדי נישט צו פֿאַרענדיקן ביים לייענען מיט אַזוינע האַרבע רייד פֿון פֿאַראַכטונג און צאָרן ווי אין כב. מיר געפֿינען דאָסזעלבע אַפֿן סוף פֿון ישעיה, מלאכי און קהלת.



# פאַרצייכעניש

## ביכער פון נפתלי גראָס:

פסאַלמען (94 פיר־שורהדיקע לידער) 1919
לידער, 1920
דער ווייסער רייטער (לידער און באַלאַדן) 1925
יידן, 1929
דעבס, אַ מעשה פון אַ מענטשן, 1934
בילדער פון יידישן אַרבעטער לעבן אין אַמעריקע, באַאַרבעט לויט ב. ווײַנשטיינס זכרונות און אַנדערע, 1935
מעשות, אילוסטרירט פון חיים גראָס, 1935
די פינף מגילות, מיט אַ קאָמענטאַר צו איכה, 1936

מיט באַשטעלונגען זיך ווענדן צום
אַרבעטער רינג:

W. C. EDUCATIONAL DEPARTMENT
175 East Broadway, New York, N. Y.

## גרייט צום דרוק:

יידן (צווייט בוך)
דער מאַמעס לידער פון לילי גראָס
מעשות (צווייט בוך)
לידער פאַר קינדער
יעקבס חלום פון ריכאַרד בער־האָפמאַן
קאַליל גיבראַנס מעשהלעך
מעשות פון טויזנט און איין נאַכט
היינריך היינעס לידער